Rozenshtayn, Hayim.
Di katastrofe: a drame in 4 aktn, 8 bilder.
Varshe, [1931].

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1899.27

Rozenshtayn, Hayim
Di katastrofe : a drame in 4 aktn, 8 bilder.
Varshe : Kultur-lige, [1931].
109 p. ; 22 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh.
I. Poland-Warsaw

ID : NXYH03-B4181    CC: 9114    DCF: [HBR]
CALL #: /69041

Reduction ratio X 10.0

# חיים ראָזענשטיין




פֿון חיים ראָזענשטיין אַרכיוו
מעלבורן אויסטראַליע

חיים ראָזענשטיין

# די קאַטאַסטראָפע

א דראַמע אין 4 אַקטן, 8 בילדער





קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור-ליגע“, וואַרשע

## פערזאָנען

| | | | |
|---|---|---|---|
| קאָנראַד | אַ קוילנגרעבער | 52 יאָר | |
| עלזע, זיין פרוי | | 48 „ | |
| ברונאָ, זייער זון | אַ קוילנגרעבער | 26 „ | |
| העדוויג, זייער טאָכטער | | 23 „ | געאָרגס פרוי |
| אויגוסט | אַ קוילנגרעבער | 55 „ | |
| עממע, זיין פרוי | | 52 „ | |
| געאָרג, זייער זון | אַ קוילנגרעבער | 32 „ | העדוויגס מאַן |
| ווילי, זייער זון | „ | 25 „ | גרעטעס געליבטער |
| הילדע, זייער טאָכטער | | 28 „ | האַנס' פרוי |
| האַנס | „ | 30 „ | הילדעס מאַן — אַ שיכּור |
| גרעטע, (האַנס' שוועסטער) אַן ארבעטערין | | 22 „ | ווילים געליבטע |
| מאַרי | אַ שיכּורניצע | 29 „ | אַ געוועזענע אַרבעטערין |
| ערנסט | אַ קוילנגרעבער | 22 „ | |
| מאַקס | „ | 22 „ | אַ קראַנקער |
| קאַרל | „ | 25 „ | |
| אָטטאָ | „ | 35 „ | |
| פראַנץ | אַ שענקער | 35 „ | |
| מיללער, דירעקטאָר פון גרובן | | 45 „ | |
| שרעדער, „ „ „ | | 60 „ | |
| אָבער-אינזשיניער פון גרובן | | 50 „ | |
| אַן אַלטער שיכּור, אַ קוילנגרעבער | | | |

Printed in Poland
Chaim Rozensztajn
DI KATASTROFE

קאָרעקטור: מ. פּאָרלערער
געדרוקט אין 500 עקזעמפּליאַרן.

Druk. G. Piment, W-wa Sierakowska 4

1. אַקט: 1 בילד. פאַרן קאַנטאָר פון גרובן.
2 „ אין שטוב ביי די קאָנראַדס.
2. אַקט: 3 „ אין ארבעטס-צימער פון דער גרובן-דירעקציע.
4 „ ביי גראַנצן אין שענק.
3. אַקט: 5 „ אין אַרבעטס-צימער פון דער גרובן-דירעקציע.
6 „ פאַרן טויער פון גרובן.
7 „ אויסן הויף פון גרובן.
4. אַקט: 8 „ אין שאַכט, אין דער צייט פון דער קאַטאַסטראָפע-
צייט: נאָך דער מלחמה.

---

# ערשטער אַקט

## בילד 1

פאַרן קאַנטאָר פון גרובן. עס שטייען קוילנגרעבער און אַרבעטע-רינס. אַנוועזנד: גרעטע, געאָרג, קאָנראַד, אויגוסט, מאַקס, ווילי, ברונאָ, קאַרל, האַנס, ערנסט און אַסטאַ.

ברונאָ:

(לײַזט די אויסגעהאַנגענע באַקאַנטמאַכונג)

אַזוי ווי דער פרוּוו צו באַנייען דעם אָפּמאַך, אויף די זורך דער דירעקציע פון גרובן אָנגעוויזענע באַדינגונגען האָט נישט געבראַכט קיין פּאָזיטיוון רעזולטאַט, ווייל די אַרבעטער-דעלעגאַטן האָבן זיי אָפּגעוואָרפן, דערקלערן מיר, אין הסכם מיט אונזער באַקאַנטמאַכונג פון 12-טן ה. ח., אַז היינט קומט-פאָר די לעצטע לוין-אויסצאָלונג. די אַרבעטער, וועלכע זענען מסכים צו אַרבעטן אויף די באַדינגונגען, וואָס זענען אָנגעוויזן אין דער אויבן-דער-מאָנטער באַקאַנטמאַכונג, קאָנען מאָנטיק פרי צוטרעטן צו דער אַרבעט.

די אַרבעטער:

אַ לאָקאַוט! זיי ווילן אונז ווידער אויסהונגערן!

געאָרג:

(הויך)

חברים! מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל אָפּגעשלאָגן זייער

אָנגריף און וועלן עס איצט ווייטער באַווייזן. מיר, די מיטגלידער פון שטרייק־קאָמיטעט, וועלן נאָר דעמאָלסט קאָנען ווי געהעריק שיצן אייערע פאָדערונגען, — ווען מיר וועלן וויסן, אַז זיי דריקן־אויס דעם ווילן פון אַלע אַרבעטער פון אונזער גרופּן. האָט איר צו אונז צוטרוי?

**אַלע:**

יאָ, מיר האָבן צוטרוי!

**געאָרג:**

מיר וועלן דאָ וואַרטן נאָך עטלעכע מינוט, ווייל די דירעקציע האָט אונז צוגעזאָגט באַלד צוצושיקן אַן ענטפער אויף אונזער לעצטער ווענדונג. מיר ווילן אייך מיטטיילן, צי וועלן נאָך פאַר מאָנטיק פאָרקומען אונטערהאַנדלונגען.

**אַלע:**

גוט — מיר וואַרטן!

**קאָנראַד:**

(האַלט אין דער האַנט די לוין־אויסצאָלונג)

וואָס זאָל איך צוערשט מאַכן מיט די פּאָר גראָשן? — עלזע איז קראַנק — מיר זענען שולדיק אין געוועלב — איך אַליין פיל מיך אויך שוואַך.

**בּרונאָ:**

מיר וועלן שוין ווי עס איז אַדורכשטופּן, פאָטער. לאָמיר האָפן, אַז דאָס מאָל וועלן מיר לאַנג אָן אַרבעט נישט בלייבן.

**אָטטאָ:**

מיין מוטער איז אויך קראַנק — דער פאָטער ליגט שוין לאַנג צו בעט — וואָס וועל איך מיט די פּאָר גראָשן טון?

**האַנס:**

(שיכּורלעך)

מוט, חברים! — נאָר נישט געוויינט. יעדער פון אונז איז אין דערזעלבער לאַגע.



**גרעטע:**

(גייט־צו צו ווילי)

זעסט, ווילי — איך האָב דיר געזאָגט, אַז מיר קאָנען זיך נישט דערלויבן קיין קינד צו האָבן. איך בין שוואַנגער, און איצט ווידער אַ שטרייק.

**ווילי:**

און ווען קאָן זיך אַן אַרבעטער דערלויבן צו האָבן אַ קינד? די געפאַר פון אַ שטרייק, אָדער אַרויסגעוואָרפן צו ווערן פון דער אַרבעט — הענגט שטענדיק איבער אונזערע קעפּ. (מיט מוט) מיר זענען יונג — מיר וועלן די שווערע צייט ווי עס איז אַדורכשטופּן. — אפשר וועט עס נישט לאַנג דויערן.

**גרעטע:**

(אַ באַרויקטע)

זיכער וועלן מיר די שווערע צייט ווי עס איז אַריבערטראָגן.

**אויגוסט:**

אונז, עלטערע, ווילן זיי דאָך אינגאַנצן אַרויסוואַרפן. — אַזוי פיל יאָרן שווער אָפּגעאַרבעט און איצט וואַרפט מען אָן אַ פאַרוואָס אַרויס. — דאָס איז דעם אַרבעטערס גורל.

**ערנסט:**

עס געלינגט נאָך נישט די הערן דירעקטאָרן זייערס אַדורכצוזעצן, נאָר פון אונז איז אָפּהענגיק דער אויסגאַנג פון קאַמף.

**מאַקס:**

ווייטער הונגערן — איך בין קראַנק. מיינע לונגען וועלן עס מער נישט אויסהאַלטן. אפשר וואָלט מען דאָך אַדורכגעקומען מיט דער דירעקציע, כּדי מאָנטיק ווייטער צו קאָנען אַרבעטן?

**קאַרל:**

שטענדיק קלאָגסטו. ווען מען זאָל דיך הערן, וואָלט

פון אונז די דירעקציע שוין לאַנג געמאַכט אַ וואַש־שמאַטע.

מאַקס:

אָבער איך בין קראַנק.

קאַרל:

ביזט נישט איינער. — נאָכן שטרייק וועלן מיר וועגן דיר אַ טראַכט־טון. (עס קומט־אַרויס דער פּאַרטיער פון קאַנטאָר און גיט־איבער געאָרגן אַ בריוו)

געאָרג:

(לייענט קוּנעל אַדורך דעם בריוו)

חברים! די דירעקציע וואַרפט־אָפּ אונזער ווענדונג וועגן באַלדיקע אונטערהאַנדלונגען. די דירעקציע האַלט זיך פעסט ביי די באַדינגונגען, וואָס זי האָט געשטעלט, וועגן פאַרלענגערן דעם אַרבעטס־טאָג, אָפּשאַפן דעם יקרות־צו־שלאָג, רעדוצירן דעם לוין ביי די אַרבעטערינס און אַרויסוואַרפן פון גרובן איבער 100 עלטערע אַרבעטער. דער שטרייק־קאָמיטעט האַלט די פאָדערונגען פון דער דירעקציע פאַר אַבסאָלוט נישט אָננעמבאַר — מיט דער גאַנצער קאַטעגאָרישקייט מוזן מיר זייערע פאָרשלאָגן אָפּוואַרפן. צי האָט ווער דאַקעגן?

מאַקס:

אפשר וועלן מיר דאָך מיט דער דירעקציע אַדורכקומען.

די אַרבעטער:

וואָס פלאַפלט ער דאָרט, דער קלאָגער?

געאָרג:

איך פרעג, צי האָט ווער דאַקעגן דעם באַשלוס פון שטרייק־קאָמיטעט?

אַרבעטער:

קיינער נישט!

געאָרג:

איך דערקלער אין נאָמען פון שטרייק־קאָמיטעט, אַז צוליב די פּראָוואָצירנדיקע פאָרשלאָגן פון דער דירעקציע,



זענען מיר געצוווּנגען פון מאָנטיק דעם 27־טן אָנצוהייבן אַ שטרייק. חברים! געדענקט, איינער פאַר אַלע, און אַלע פאַר איינעם! — מוטיק זיך אויפפירן! דער זיג וועט זיין אונזערער! איך בעט זיך פונאַנדערגיין.

(אַ טייל אַרבעטער הייבט־אָן זינגען אַן אַרבעטער־ליד)

*פאָרהאַנג*

---

## בילד 2

ביי די קאָנראַדס אין שטוב. אַ מיטל־גרויס צימער מיט 2 קליינע פענסטער. לינקס אַ טיר נעענטער צו דער בינע, העכער־אַרויף ביי דער ליוקער וואַנט אַ קיך און אַ וואַסער־קראַן איבערן קאַנאַליזאַציע־בעקן. איבערן קראַן אַ פּאָליצע. ביי דער ברייטער וואַנט, אונטער די פענסטער, 2 פּראָסטע בעטן, צווישן זיי אַ טישל מיט אַ וואַזאָן בלומען, אויף דער וואַנט אַ 2 ביליקע בילדלעך און עטלעכע פאָטאָגראַפיעס. ביי דער רעכטער וואַנט אַן אַלטע שאַנק און דערנעבן אַ טיש מיט עטלעכע שטולן. די אַקציע קומט־פאָר 8 טעג נאָכן שטרייק־אויסברוך. אָנהייב: עלזע ליגט אין בעט לינקס נעבן דער קיך מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ. העדוויג זיצט נעבן איר און גלעט די מוטערס הענט.

העדוויג:

דער דאָקטאָר האָט פאַרזיכערט, אַז אָט־אָט וועסטו געזונט־ווערן. ער הייסט, וואָס אַן אמת, אַרויספאָרן, כאָטשבי אין אַ דאָרף אין די בערג — אָבער ווער קאָן, איצט, אין דער צייט פון שטרייק, קלערן דערפון. (טוט אַ לייכטן זיפץ) זייט, מאַמע, דו ביזט קראַנק, האָב איך אַ שפּאָר ביסל אַרבעט. מיין נישט, אַז איך באַקלאָג זיך — ניין. מען רעדט, דערמאָן איך וועגן דעם.

עלזע:

אַלץ מיין שולד, ליב קינד. אָבער וואָס זאָל איך טון?

העדוויג:

דו ווייסט דאָך ווי גערן איך קום צו דיר. וואָלט מיר־
נאָר די צייט אַזוי פיל דערלויבט. איך האָב נישט ביי־
וועמען דאָס קינד איבערצולאָזן. — אָבער דאָס איז נישט
וויכטיק, ווער נאָר דו, מוטער, געזונט.

עלזע:

וועגן מיר זאָרג נישט. עס וועט שוין ווי עס איז זיין.
(קרעכצט) דו אָבער האָסט געמוזט פון דער גרויסער שטאָט
צוריקקומען אַהער — אין גיהנום אַריין.

העדוויג:

עס איז מיר טאַקע שווער, מוטער. נאָכדעם ווי מען לעבט
זיך איין אין דער גרויסער שטאָט ביי אַ פאַסיקער אַר־
בעט און מען פאַרדינט אויך נישט שלעכט, ווילט זיך־
נישט צוריקקערן אין דעם קוילן־נעסט אָפּפינסטערן די־
פאָר יונגע יאָרן. (פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע) אין שטאָט האָב
איך געהאַט נישט־שלעכטע אַרבעטס־באַדינגונגען, געלעבט
צווישן חברים און פריינט, גענאָסן צו ביסלעך פון פיל־
שיינע זאַכן. — ווי איך האָב זיך דערפריידט, ווען די־
מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט! איך האָב געוווּסט, אַז מיין
געאָרג קומט אַהיים אַ געזונטער, און אַז ער וועט מער־
נישט דאַרפן צוריקגיין אַרבעטן אין די קוילנגרובנס.
(צעשמייכלט) גוט איז אונז דעמאָלסט געווען.

עלזע:

איך גלויב דיר, קינד. איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז געווען
דיין שענסטע לעבנס־צייט.

העדוויג:

(צעשמייכלט)

וואַרט, מוטער. עס איז געווען נאָך אַ שענערע צייט. מיר־
האָבן ביידע געאַרבעט. געאָרג איז אַהיימגעקומען פון דער־
מלחמה פול מיט לוסט־און־לעבן צו קעמפן פאַר אַ
נייער אָרדענונג, צו קעמפן פאַרן סאָציאַליזם. אַזוי פיל־
פריינט און חברים זענען אַרום אונז געווען. אַזוי פיל



שטאַרקן ווילן פאַר אונזער קאַמף האָבן מיר אַרום זיך
געזען. אַלץ האָט געברענט צו אַרבעט, אַלץ האָט געפּי־
בערט מיט איין געדאַנק: אַ סאָציאַליסטישע רעפּובליק! —
שפּעטער אַביסל איז געבוירן־געוואָרן אונזער גאָלדיק
זונדעלע. (אומעטיק) — דערנאָך האָט מען די פרויען אָנגע־
הויבן אָפּצוזאָגן פון זייערע אַרבעטס־פּלעצער. איך האָב
געמוזט בלייבן אינדערהיים. די סאָציאַליסטישע רעפּו־
בליק איז העט ווייט אַנטלאָפן, און צום סוף איז געקו־
מען דער שטרייק אין דער פאַבריק, ווו געאָרג האָט גע־
אַרבעט, און ער, מיט נאָך עטלעכע פאַבריקס־דעלעגאַטן,
האָבן געמוזט אַוועק, ווייל זיי זענען דעם דירעקטאָר
נישט געפעלן.

עלזע:

איך ווייס. ווייטער גייט דאָס לידל אַזוי: מיר האָבן גע־
הונגערט, און אַז דער פאָטער האָט צוגעזאָגט צו שאַפן
אַרבעט פאַר געאָרגן אין גרובן, האָט איר נישט געהאַט
קיין אַנדערן אויסוועג, ווי צוריק אַהיימקומען.

העדוויג:

טאַקע אַזוי. ווי לאַנג קאָן מען הונגערן? קיין אויסזיכט
אויף אַרבעט פאַר געאָרגן האָבן מיר נישט געזען. דירה־
געלט איז מען שולדיק־געווען. הייצן איז נישט געווען
פאַרוואָס און מיט וואָס, און אונזער גאָלדקעפּיקער זון
האָט פון דעם אַלעם נישט געוואָלט וויסן. — אָבער נישט
געזאָרגט, מוטער, ווער נאָר דו געזונט, און אַלץ וועט
גוט־ווערן.

עלזע:

איך וויל געזונט ווערן, און דאָס אַלערערשט פאַר דיין
טאַטן און פאַר דיין ברודער. צוויי שווער פאַרהאָרעוועטע
מענטשן. ווער וועט זיך אויף זיי אומקוקן? דער פאָטער
ווערט פון טאָג־צו־טאָג שוואַכער, ער באַהאַלט זיך מיט
זיינע ווייטיקן, כדי איך זאָל עס נישט זען. (קרעכצט) אוי,
דער שטרייק.

**העדוויג:**

(פאַרטראַכט — ווי צו זיך)

אַזוי איז שוין צווישן מענטשן. ברונאָ האָט מאַרין געליבט, האָט זי אים נישט געוואָלט, מאַרי האָט האַנסן געליבט, האָט ער זי נישט געוואָלט. — מיט מאַרין ווערט פון טאָג־צו־טאָג ערגער. זי האַלט אין איין שיכּורן, אַרבעט כּמעט נישט און גיט זיך אָפּ יעדן־איינעם, ווער עס קומט איר נאָר אונטער די הענט.

**עלזע:**

איך האָב מורא, אַז הילדע וועט זי נאָך דערהרגענען, ווייל זי לויפט נאָך היינט נאָך האַנסן. הילדע האָט נישט גוט געטראָפן מיט איר מאַן. זייט ער איז אַהיימגעקומען פון דער מלחמה האַלט ער אין איין שיכּורן, ער יאָגט זיך נאָך אַלע ווייבער.

**העדוויג:**

אַפילו מיך לאָזט ער לעצטנס נישט צו רו.

**עלזע:**

העדוויג, איך ווער שוואַך. (העדוויג מאַכט איר אַ קאָמפּרעס) נאָך גוט, וואָס דער פאָטער מיט ברונאָן זענען אַוועק פאַר מיין אָנפאַל. (שוואַך) העדוויג, עס שווינדלט מיר דער קאָפּ. העדוויג! (העדוויג מאַכט אַ קאָמפּרעס און גיט דער מוטער טראָפּנס)

**מאַרי:**

(אַרייַנקומענדיק — שיכּור)

גוט מאָרגן! (ברומט אַ לידל) אַי, אַ געלעכטער, איך האָב אַ קאַצן־יאָמער און איר, פרוי עלזע, האָט זיך אַרומגעבונדן דעם קאָפּ. (לאַכט)

**העדוויג:**

מאַרי, שריי נישט אַזוי. דו זעסט דאָך, אַז די מוטער איז קראַנק.

**מאַרי:**

יאָ, איך זע. נו, איז וואָס? — זאָל איך אפשר נישט קוקן?



**עלזע:**

(קרעכצנדיק)

באַלד אין דער פרי און שוין שיכּור.

**מאַרי:**

איך בין נאָך פון נעכטן שיכּור. מיר האָבן אַ גאַנצע נאַכט געטרונקען. — מיינט נישט, אַז עס איז אַזוי לייכט. איך איינע מיט דריי מענער. — טפו, חזירים!

**העדוויג:**

גיי מאַרי שלאָפן. דו ביזט דאָך זיכער מיד.

**מאַרי:**

איך דאַרף נישט שלאָפן.

**העדוויג:**

וואָס מאַכסטו פון זיך, מאַרי? ווּעסט אפשר ערנסט אַ טראַכט־טון וועגן אַרבעט, דו ביזט דאָך אַזוי יונג.

**מאַרי:**

איך שפּיי אויף אַלעם. (לאַכט) וואָס גיי איך אייך אָן? (באַקוקט די פאָטאָגראַפיעס אויף דער וואַנט) העדוויג, קום אַהער.

**העדוויג:**

באַלד מאַרי, איך וועל נאָר טוישן דעם קאָמפּרעס. (טוישט דעם קאָמפּרעס — גייט־צו צו מאַרין)

**מאַרי:**

זעסט וואָס פאַראַ שיינער יונג דער האַנס איז? אַי, אַ יונג!

**העדוויג:**

יאָ, אַ שיינער, אַ געזונטער, אַן אמתער העלד. ער געפעלט מיר. — אָבער היינט איז ער שוין נישט מער דער, ווי דעמאָלסט, בעת ער האָט זיך פאָטאָגראַפירט. היינט איז ער אַ שיכּור, אַ שלעכטער מאַן און דאַכט זיך אַ שלעכטער זון.

**מאַרי:**

ער געפעלט דיר, זאָגסט דו, העדוויג?

הערוויג:

יאָ, ער געפעלט מיר. מיר געפעלן מענטשן שיינע, געזונטע און גוט געבויטע, אָבער — ווען דאָס שיינע עפעלע איז פון אינעווייניק נישט פאַרפוילט. וועגן האַנסן קאָן מען נישט זאָגן, אַז ער איז נישט פאַרפוילט.

מאַרי:

ער געפעלט דיר, הייסט עס. (לאַכט ביטער — קוקט אויף דער פאָטאָגראַפיע) טפו זאָל עס ווערן! אַ חזיר איז ער, האַנס, און נישט קיין מענטש!

הערוויג:

מאַרי, איך בעט דיך, באַרויק זיך. די מוטער איז שווער קראַנק, זי קאָן נישט הערן דיינע געוואַלטן, דאָס רעגט זי שטאַרק אויף. — ווילסט, לייג זיך אויפן בעטל, ביזט דאָך מיד, נאָר שריי נישט.

מאַרי:

איך וויל נישט שלאָפן. (אויפגערעגט) און שרייען מעג איך וויפל איך וויל!

הערוויג:

אויב דו ווילסט מיך נישט פאַרשטיין, און וועסט זיך נישט באַלד באַרויקן, וועל איך דיך פון שטוב אַרויס-בעטן.

מאַרי:

(אויפגערעגט)

מיך? אָך, דו פאַרשאָלטענע צנועה. איך זאָל נאָר וועלן, ווער איך דיין ברודערס ווייב, און דעמאָלסט וועל איך דאָ זיין די באַלעבאָסטע.

הערוויג:

ברונאָ האָט אויך אין דעם פאַל עפעס צו זאָגן, און מיר, זיינע נאָענטסטע, אפשר אויך. שטעל דיר פאָר, אַז עס האַלט נישט דערביי. דו וועסט שוין ברונאָס פרוי נישט זיין.



מאַרי:

איך שפיי אויף אייך! (לאַכט) טפו, חזירים! (אויפגערעגט) נאַ, רעד מיר (זי דרייט זיך אויס צו הערווינגן מיט דער פלייצע און הויבט-אויף דאָס קלייד) צום הינטן!

עלזע:

(אויפגערעגט)

הערוויג, מיר ווערט שלעכט.

הערוויג:

גיי שוין אַרויס פונדאַנען! (נעמט-אָן מארין פארן אָרעם און פירט זי אַרויס פון שטוב) באַלד, מוטער. (שרייט אין הויז אַריין) הילדע! פרוי עממע!

עלזע:

(שוואַך)

שנעל, קינד. (הערוויג לויפט-צו און מאַכט אַ קאָמפּרעס).

הערוויג:

שוין, איך העלף דיר, ליבע מוטער. — שלעכטע מענטשן אויף דער וועלט. — באַרויק זיך מוטער.

הילדע:

(אַריינקומענדיק מיט פרוי עממע)

וואָס איז געשען?

הערוויג:

די שיכורע מאַרי איז דאָ געוועזן און געמאַכט אַ סקאַנ-דאַל. איך האָב זי געמוזט אַרויסוואַרפן. די מוטער איז שווער קראַנק, היינט אינדערפרי איז ווידער אַמאָל געווען אַן אָנפאַל. שוין דער דריטער דעם חודש. די מוטער איז אַליין אין שטוב געווען, און זי האָט זיך קוים אין בעטל אַריינגעשלעפט. קיין כוח צו רופן הילף האָט זי נישט געהאַט. נאָך גוט, וואָס איך בין צוריקגייענדיק פון גע-וועלבל דאָ אָפּגעטרעטן. ווער ווייסט, וואָס עס וואָלט געשען.

הילדע:

וואָס זאָל איך טון? דאַרפסטו מיין הילף?

**העדוויג:**

איך וויל נישט בלייבן אַליין. מאַרי קאָן נאָך צוריקקומען און דאָס וועט דערשלאָגן די מוטער.

**הילדע:**

גוט, מיר וועלן דאָ בלייבן. מוטער, העלף איר. איך וועל נאָר אויף איין מינוט אַרויפלויפן אין שטוב אַריין און קום באַלד צוריק. (קלערט אַ ווײַלע) אַ שאָד די מאַרי, אַ ווײַלע חברטע געווען. (אָפּ)

**עממע:**

מען דאַרף רופן דעם דאָקטאָר.

**העדוויג:**

שוין באַשטעלט. ער וועט שפּעטער דאָ זיין. זיי איילן זיך נישט צו קראַנקע ביי אָרימע קוילנגרעבער.

**עממע:**

העדוויג, געאָרג און דאָס קינד זענען געזונט?

**העדוויג:**

יאָ, מוטער. מיין פייגעלע שפּילט זיך איצט זיכער מיט פרוי אַננע:

**עממע:**

איך פריי מיך, אַז כאָטש דו דערציילסט מיר גוטע נייעס פון דיין היים. איר לעבט ביידע אַזוי צופרידן. (זיפצט) מיט הילדען איז שלעכט. זי ווערט פון טאָג־צו־טאָג נערוועזער. האַנס פאַרקירצט איר די יאָרן. ער שלאָגט זי שוין צו ביסלעך. הילדע איז געוואָרן אייפערזיכטיק, איר דאַכט זיך, אַז יעדע פרוי וויל איר צונעמען דעם מאַן. — די פאַסקודסטווע מאַרי שלעפּט זיך טאַקע מיט האַנסן אַרום, אָבער אויף איר איז הילדע נישט אין כעס. — איך שעם זיך צו דערציילן. מאַרי האָט זיך גענומען שאַרף צו מיין אַלטן. (זי שמייכלט) וואָס זאָל איך טון? איך בין שוין צו־אויסגעמאַטערט. פאַר קיין ווייב טויג איך שוין נישט, פאַר אַ ווירטין נאָך אפשר יאָ.



**עלזע:**

(שוואַך)

עס וואונדערט מיך, אַז דו, עממע, רעדסט אַזוי. איך וואָלט מאַרין די אויגן אויסגעדראַפּעט.

**עממע:**

איך וויל מיר נישט שטערן די לעצטע פאָר יאָרן לעבן. זאָל כאָטש אין שטוב זיין שטיל און רויק. וואָלט האַנס נישט געווען אַ שטיק שולדיקער אין דעם, וואָס מאַרי איז געוואָרן, וואָלט איך אפשר אַנדערש גערעדט. מיר ווייסן דאָך, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק איז מאַרי אַ גאַנץ אַנדערע געווען.

**עלזע:**

מיין ברונאָ האָט מיט מאַרין געוואָלט חתונה־האָבן, איז ער איר נישט געפעלן. איצט לעבט זי בעסער, וואָס? נאָר אַדאַנק העדוויגן לאָז איך זי אין מיין שטוב אַריין. איך וואָלט אַזעלכעס נישט געליטן.

**העדוויג:**

מוטער, דו פאַרגעסט, אַז דו דאַרפסט ווי אַמווייניקסטן רעדן. דו ביזט היינט מער ווי אַלעמאָל אָפּגעשוואַכט. דער דאָקטאָר האָט דיר שטרענג פאַרבאָטן יעטוועדע אויפרעגונג. — צי מיינסטו, אַז איך וואָלט מאַרין פון דיין שטוב אַרויסגעטריבן ווען נישט דיין לאַגע? ניין, מוטער, איך טרייב נישט קיין געפאַלענע מענטשן פון מיין היים. אויב מיר אָרימע וועלן זיך קעגנזייטיק נישט אונטערשטיצן, טאָ ווער? מיר האָבן פון קיינעם, אויסער אונזערס גלייכן, גאָרנישט צו דערוואַרטן.

**עלזע:**

(שוואַך)

אַך, העדוויג, האָט אַ מאָס. מאַרי טראָגט מיט זיך סם, זי פאַרסמט די לופט אַרום זיך מיט איר אויפפירונג.

הילדע:

(צוזאמענדריק מיט מארין)

ווי פילט איר זיך, פרוי עלזע?

עלזע:

אַ דאַנק, אַביסל נאָכגעלאָזן.

מאַרי:

(צו הילדען)

דו זאָלסט עס גוט געדענקען.

הילדע:

(מיט כעס)

גוט! גוט! איך האָב שוין געהערט!

מאַרי:

(צו הילדען)

בייזער זיך נישט. דו דאַרפסט מיר דאַנקבאַר-זיין.

הילדע:

(מיט כעס)

שווייג! זאָג איך דיר. איך האָב שוין געהערט!

מאַרי:

איך שפיי אויף דיר!

הילדע:

(אויפגערעגט)

וואָס זאָגט איר נישט צו דער געמיינער שלעפּערקע?!

מאַרי:

איך שפיי אויף דיר! (לאַכט) טפו! חזיר איינער.

הילדע:

(אויפגערעגט)

איך וועל דיר, שיכורניצע, באַלד געבן אַ חזיר, אַז עס וועט דיר נישט גוט ווערן.

העדוויג:

הילדע בּאַרויק זיך. לאָז זי לויפן.



הילדע:

(צו העדוויג)

איך פרעג דיך נישט, און דו גיב מיר נישט קיין עצות.

העדוויג:

איך גיב דיר נישט קיין עצות, אויב אָבער דו ווילסט קריגן זיך מיט מאַרין, טאָ גייט ביידע אַרויס. די מוטער איז שווער קראַנק און טאָר זיך נישט אויפרעגן.

הילדע:

(אויפגערעגט)

ווילסט מיך אפשר אַרויסוואַרפן ווי מאַרין?! (מיט איראָניע) זעט נאָר דאָס שטילינקע ווייבעלע, וועלכער עס געפעלן פּרעמדע געזונטע און שיינע מענער.

העדוויג: וואָס רעדסטו, הילדע? בּאַרויק זיך. איך בעט דיך, טו עס דער מאַמען צוליב.

הילדע:

(אויפגערעגט)

בעט מיך נישט, אַז איך וויל, רעד איך. דו קאָנסט נאָך ביי מיר דערלעבן, וואָס קיין איינע פון די שלעפּערקעס (ווייזט אויף מארין) האָט דערלעבט.

עלזע:

(שוואך)

קינדער בּאַרויקט אייך. מיר צוליב, הילדע. רעג מיך נישט אויף.

מאַרי:

(לאַכט)

טפו זאָלט איר ווערן.

עממע:

(צו מארין)

שווייג! האָסט שוין זיכער הילדען עפּעס אָנדערציילט.

הילדע:

וואָס מיינט איר, אַז איך האָב קיין אויגן נישט? איך זע אַלץ און ווייס אַלץ. ווענן דעם, אַז העדוויג שאַרט

זיך צו מיין האַנסן האָב איך שוין לאַנג געוווסט (אַ געמיינע צערודערונג) אָבער, אַז זי זאָל זיין אַזוי אומפאַרשעמט און נאָך הויך זיך באַרימען, אַז ער געפעלט איר (העדוויג קוקט אָן מאַרין) דאָס איז שוין איבער מיינע כוחות צו פאַרשוייגן. — איר וואַרפט מאַרין פאָר, אַז זי איז אַ שלעפּערקע, און וואָס זענען אָט די (אָנווייזנדיק אויף העדוויגן — מיט איראָניע) אָרנטלעכע ווייבעלעך, וואָס האַלטן אין איין רעדן וועגן מאַן און גאָלדלאָקיקן זונדעלע? (עלזע רעגט זיך אויף).

העדוויג:

(צוגייענדיק צו דער מוטער)

ליבע מוטער, זאָלן דיך גאָרנישט אַנגיין הילדעס ווערטער. דו ווייסט דאָך דעם אמת. איך האָב פריער געזאָגט, אַז האַנס געפעלט מיר, ווייל ער איז אַ שיינער, אַ שטאַרקער, (הילדע באַוועגט זיך נערוועז — מאַרי לאַכט שטיל) און מיר געפעלן שיינע און שטאַרקע מענטשן, סיי מענער, סיי פרויען. איך לויף האַנסן נישט נאָך. אַ מאַן, אַ שיכור, אַזעלכער, וואָס שלעפּט זיך נאָך אַלע ווייבער און שלאָגט זיין פרוי, עקזיסטירט פאַר מיר נישט.

הילדע:

(אויפגערעגט)

האַנס איז מיין מאַן, און דיר איז נישט דערלויבט אויף אים קיין שלעכטס צו רעדן!

העדוויג:

הילדע, דו לאָזט זיך אָנרעדן פון מאַרין און גלויבסט איר?

הילדע:

(אויפגערעגט)

זי איז ביי מיר אַזוי גלויבנסווערט ווי דו. פאַרשטייסט?

מאַרי:

צי האָב איך דען ליגן-געזאָגט?



עלזע:

(אויפגערעגט)

העדוויג, קינד מיינס, וואָס ווילן זיי פון דיר?

העדוויג:

ביידע ווייסן נישט, וואָס זיי רעדן. מאַרי איז שיכור און שטענדיק אָנגעווייטיקט, און הילדע ליידט לעצטנס פיל. זי קאָן איר כעס נישט אויסלאָזן צו האַנסן, טוט זי דאָס איצט. הילדע וועט זיך באַרויקן און וועט אַליין פאַרשטיין איר שלעכטע האַנדלונג.

הילדע:

(מיט כעס)

איך גיי דיך שוין, שטיל ווייבעלע, איבערבעטן. ווי דאָס רעדט זיך שטילע און גוטע ריידעלעך. — איך קען דיך, העדוויג. היט דיר די ביינער!

עלזע:

(אויפגערעגט)

טרייב זיי פון מיין שטוב אַרויס! איך וויל זיי נישט מער קענען! אַזאַ אָנטשעפעניש! — אוי, אוי — ראַטעוועט, איך שטאַרב!

העדוויג:

מוטער! ליבע מוטער! (מאַכט איר שנעל אַ קאָמפּרעס — עמעצער העלפט-צו).

גרעטע:

(אַריינקומענדיק)

גוט מאָרגן. (קוקט זיך אַרום) וואָס איז דאָ געשען?

העדוויג:

גרעטע, העלף מיר ראַטעווען די מוטער.

(גרעטע העלפט — עלזע באַרויקט זיך צו-ביסלעך — הילדע און מאַרי קוקן זיך פאַרשולדיקט איבער).

גרעטע:

דערציילט מיר וואָס איז דאָ געשען? העדוויג, רעד דאָך אַ וואָרט!

**העדוויג:**

מאַרי האָט אָנגעפּלוידערט הילדען נאַרישקייטן וועגן מייך כּלומרשטן יאָגן זיך נאָך האַנסן. און הילדע גלויבט איר.

**עממע:**

העדוויג, נעם הילדען נישט פאַר אומגוט אירע רייד, זי איז לעצטנס קראַנק.

**העדוויג:**

אַלץ האָט דאָך אַ גרענעץ! מיין געוויסן איז ריין, און פאַרענטפערן זיך פאַר עמיצן, ווער עס וויל אומישנע מיך פאַלש פאַרשטיין, האַלט איך נישט פאַר נויטיק. — די מוטער איז שווער קראַנק, מען טאָר זי נישט אויפרעגן, אַט וועגן וואָס עס גייט מיר.

**גרעטע:**

האַנס איז מיין ברודער, אָבער לויט זיין אויפפירונג פאַרדינט ער אויפן נאָמען — אויסוואורף. וואָס איז שייך מאַרין, דאַרף מען אויף אַזאַ איינער נאָר רחמנות-האָבן.

**הילדע:**

(מיט איראָניע)

האָסטו דיר אַ פרישע בוימל-קוועטשערקע. אַליין שלעפּט זי זיך אַרום מיט מיין ברודער, דערציילט אַלעמען, אַז זי איז זיין ווייב, און וועגן חתונה-האָבן קלערט מען נישט. — איז האַנס אַן אויסוואורף, ווייל ער פירט זיך שלעכט אויף, — ביסטו אויך אַזעלכע, ווייל דיין אויפפירונג איז אפשר נישט קיין בעסערע. אַ נישט חתונה-געהאַט... ווייב. ווער עס האָט נאָך אַזעלכעס נישט געזען.

**מאַרי:**

(לאַכט)

איך שפּיי אויף אייך — טפו חזירים!

**העדוויג:**

רעד נישט מיט זיי גרעטע, לאָז זיי לויפן.

**גרעטע:**

הילדע, וואָס איז מיט דיר? צי ווייסטו נישט, אַז איך



און ווילי ליבן זיך? מיר ברויכן נישט פאַר אונזער צוזאַמענלעבן די ברכה פון אַ פאַרקויפטן גייסטלעכן. מיר ווען אונזער בינטל יאָרן אויסלעבן ווי פרייע מענטשן. מאַכן אַ סוד פון אונזער צוזאַמענלעבן איז דאָך נאַריש.

**הילדע:**

(נאָך אַלץ אויפגערעגט)

אַלץ בעסער צו זיין אַ חתונה-געהאַטע, ווי די פאַרשריפטן און געזעצן פאַרלאַנגען עס, איידער אַזאַ אַרומשלעפּן זיך, ווי דיינס. וו האָט אַ הונט אַ היים? וו וווינסטו מיט דיין מאַן?

**גרעטע:**

(לאַכט האַרציק)

הילדע, דו ביזט שוין אויף דער עלטער. נישט איך בין אַ בוימל-קוועטשערקע, נאָר דו.

**העדוויג:**

וועלכע געזעצן זענען דאָס היינט געשריבן פאַר דער אַרבעטער-פרוי, פאַר דעם אַרבעטער-קלאַס? — די געזעצן פון הונגערן, פרירן, וווינען אין שלעכטע דירות, גיין שלעכט אָנגעטון און גאָרנישט נישט קאָנען געניסן פאַר זיין שווערער פראַצע פון אַלץ, וואָס ער שאַפט. יאָ, מיר באַקומען הימלשרייענדע געזעצן! (מיט איראָניע) געזעצן...

**עלזע:**

(שוואַך)

קינדער, קריגט אייך נישט. מיר זענען פון גאָט געשטראָפט, אָבער נישט פאַר אונזערע זינד. זאָל יעדער מענטש לעבן אויף דער וועלט, ווי ער וויל, נאָר זאָל ער קיינעם קיין שלעכטס נישט טון.

**העדוויג:**

רעד נישט מוטער, איך בעט דיך. יעדעס וואָרט שטרענגט דיך איצט אָן.

הילדע:

(חי באַדויערנדיק)

זאָל יעדערער לעבן, ווי ער וויל, אָבער נישט אַ צווייטן גיין אין וועג אַריין.

מאַרי:

אַזוי רעדן אַלע און טוען אַנדערש. (לאַכט) איך שפּיי אויף אייך!

גרעטע:

ווייסט איר די לעצטע נייעס?

עממע:

וואָס פאַראַ נייעס?

גרעטע:

די דירעקציע פון גרובן וואַרפט-אָפּ אַ"ע אונזערע פאָרשלאָגן. (אַלע ציטערן-אויף. — עלזע פּרווט זיך אויפזעצן און פאַלט צוריק אויפן קישן)

העדוויג:

אַ שווערער שטרייק. אַ האַלב יאָר איז קוים פאָריבער נאָכן לעצטן 4 וואָכיקן שטרייק. קיינער האָט נאָך פון דעמאָלסט די חובות נישט אָנגעצאָלט, און איצט מוזן מיר ווייטער הונגערן. אָט דאָס, הילדע, זענען די געזעצן, וועלכע די היינטיקע אָרדענונג האָט פאַר דעם אַרבעטער-קלאַס — פראַצעווען און הונגערן.

עלזע:

(באַמיט זיך אויפצוזעצן)

אוי, דער שטרייק — מיר וועלן עס נישט אויסהאַלטן. איך בין קראַנק, דער פאָטער איז קראַנק — איצט קומט אונזער סוף — שלעכט, טייערע מיינע.

העדוויג:

דאָס ערגסטע וועט זיין, אויב דער שטרייק וועט פאַרשפּילט-ווערן. די אַלע אַרבעטער, אויף וועלכע די דירעקציע האָט אַן אויג, וועלן פאַרלירן זייערע פּאָסטנס. מיט אונזערע וויל זיך די דירעקציע שוין לאַנג אָפּרעכ-



נען. (עלזע דרייט זיך נערוועז) זיי רויק, מוטער, עס וועט נאָך אַלץ גוט זיין.

עממע:

אַלע מיינע דראָט אַזוי-אַרום צו פאַרלירן די אַרבעט?

גרעטע:

נישט געזאָרגט, פרוי עממע, מיר וועלן זיך נישט לאָזן. אונזער גורל איז — לעבן שווער און קעמפן שווער.

עממע:

עס זאָגט זיך אַזוי לייכט — נישט געזאָרגט. ווען מען גיט אָבער אַ טראַכט, אַז אַ פאָטער און צוויי זין וועלן פאַרלירן די אַרבעטס-פּלעצער, און אַז צוויי פאַמיליעס וועלן מוזן הונגערן, קאָן מען נישט, נישט זאָרגן.

מאַרי:

איך וועל אויך זאָרגן.

הילדע:

(פאַרטראַכט)

אפשר אויך בעסער אַזוי, וועט האַנס נישט האָבן פאַרוואָס צו שיכּורן. ער וועט צוריק ווערן אַזאַ, ווי ער איז פריער געווען.

מאַרי:

האַנס וועט נישט שיכּורן! (לאַכט) ער וועט דיך פאַרקויפן, און ער וועט שיכּורן. — האַנס אויך מיר אַ מענטש. — איך שפּיי אויף אים — טפו זאָל ער ווערן, דער חזירניק!

הילדע:

(אויפגערעגט)

שווייג, דו פאַרשאָלטענע שיכּורניצע! אומעטום מישט זי זיך אַריין!

העדוויג:

שריי נישט, הילדע, באַרויק זיך. (גלעט הילדען איבערן קאָפּ) מיר זענען דאָך אַלע אַלטע פריינדינס. פון קינדווייז-אָן צוזאַמען דערצויגן, געלערנט, צוזאַמען גרויס-געוואָרן און צוזאַמען שווער געאַרבעט. — צווישן אונז, אַרבעטער-

פרויען, דאַרף הערשן אַ האַרציקע און נאָענטע באַציונג.

**הילדע:**

(פאַרטראַכט)

אַרויסהעלפן, מיינסטו? דאָס דאַרפן מיר טאַקע טון. מיר רייצן גאַר אָן איינע אויף די אַנדערע. אָט האָב איך דיך געזידלט אָן אַ פאַרוואָס. העדוויג, נעם מיר נישט פאַר אומגוט מיינע פריערדיקע רייד.

**העדוויג:**

איך האָב שוין לאַנג פאַרגעסן. דו, הילדע, וואָלסט זיך געדאַרפט היילן.

**הילדע:**

איך וואָלט זיך טאַקע געדאַרפט היילן. צו מיין איצטיקן צושטאַנד האָט מיך דערפירט האַנס. ער פאַרטרינקט זיין גאַנץ פאַרדינסט. וואָלט איך צו-ביסלעך נישט געאַרבעט, וואָלטן מירביידע פון הונגער געשטאָרבן. דאָס קינד אונזערס איז אויך געשטאָרבן, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט פאַרוואָס עס צו ראַטעווען. (קלערט א ווײַלע) האַנס איז אַ געמיינער מענטש.

**מאַרי:** טפו זאָלסטו מיר ווערן. דו רעדסט אויך אויף האַנסן ?! אַלע האָבן זיי זיך אָנגעזועצט אויף איין מענטש!

**הילדע:**

(אויפגערעגט)

שווייג! איך צעקלאַפּ דיר באַלד די מאָרדע, אַז מען וועט דיך אַ טויטע פון דאַנען אַרויסטראָגן.

**מאַרי:**

(שרייט)

דו, געמיין שטיק! — ווער האָט מיר מיין האַנס צוגענומען, אויב נישט דו! (זי כאַפּט א שטול און פארמעסט זיך אויף הילדען. — עלזע טרייסלט זיך אויף פאר שרעק און בלייבט ליגן אומבאַוועגלעך. — העדוויג לויפט-צו צו דער מוטער, גרעטע און עממע צו מארין) מיך ווילסטו טויטן ?! אָט גיב איך דיר מיטן שטול אין דיין געמיינעם קאָפּ אַריין! (ווייל הילדען הארט



די שטול — גרעטע כאַפּט-צרויס די שטול און נעמט-ארום מארין) — איך שפיי אויף דיר — טפו, דו חזיר-קאָפּ!

**עממע:**

פירט זי אַרויס, מיר טויטן דאָך עלזען.

**העדוויג:**

(אויפגערעגט)

איך בעט אייך, פירט זי אַרויס!

**גרעטע:**

העלף מיר, הילדע.

(גרעטע און הילדע פירן-ארויס מארין — זי לאָזט זיך נישט און קעמפט).

**עממע:**

זאָל איך דיר העלפן, העדוויג? זאָג, וואָס זאָל איך טון? (גייט-צו צום בעט און שרייט-אויס) זי שטאַרבט דאָך! אַ דאָקטאָר! אַ דאָקטאָר! (לויפט-א־רויס)

**העדוויג:**

מוטער, ליבע מוטער! (מאכט א קאָמפרעס, גיט איר טראָפּנס) איך בעט דיך, עפן-אויף די אויגן. מוטער, שטאַרב נישט. דיין העדוויג בעט דיך. (צערודערט) וואַרט, איך וועל דיך אויפזעצן. (זעצט זי אויף, אָבער עלזע פאלט צוריק אויפן קישן) מאַמע טייערע, שטאַרב נישט. איך בין דאָך אַליין, קיין מענטש איז נישטאָ נעבן מיר. — עפן די אויגן, איך בעט דיך. (זעצט עלזען ווייטער אויף און האלט זי צו) אָט אַזוי — (דערפרייידט) ליבע, טייערע מוטער, האָסט דאָך די אויגן געעפנט (קושט די מוטער) דאָס בין איך, דיין העדוויג, דיין טאָכטער.

**עלזע:**

(זייער שוואַך)

קינד מיינס, איך שטאַרב. — העדוויג, דער טאַטע איז שוואַך, ער איז קראַנק. איך ווייס עס אויף זיכער. זאָג מיר צו, קינד מיינס, אַז דו וועסט אָן אים געדענקען.

**העדוויג:** מוטער, ליבע מאַמע מיינע, וואָס רעדסטו. עס וועט דיר באַלד בעסער ווערן.

עלזע:

איצט וועט מיר שוין נישט בעסער-ווערן, סיידן, גאָר גוט. (שוואַכער) גיב אויך אַכטונג אויף ברונאָן, ער ליידט זייער פיל צוליב דעם, וואָס פון מאַרין איז געוואָרן. אויף הילדען זיי נישט בייז — אויך מאַרין זאָלט איר אַלע אָרנטלעך און גוט באַהאַנדלען. זי איז נישט שולדיק וואָס זי איז אַזאַ געוואָרן.

(גרעטע קומט שטיל אַריין און זעצט זיך נעבן בעט).

הערווינ:

מוטער, דו ווייסט דאָך, אַז איך בין קיינמאָל נישט אין כעס אויף אומגליקלעכע מענטשן. איך וויל מאַרין העלפן, אָבער זי אַנטלויפט פון מיר. איך זאָג דיר צו אַכטונג צו געבן אויפן טאַטן און אויף ברונאָן. מיר וועלן זיכער אַלע צוזאַמען וווינען — — אָבער, וואָס רעד איך נאַ-רישקייטן. דו, מוטער, וועסט דאָך באַלד געזונט-ווערן.

עלזע:

צי איז דען פאַר אַ קוילנגרעבערס ווייב 48 יאָר נישט קיין סך געלעבט? צי האָבן מיר דען כוח אויף צו לעבן מער? צו-שפּעט, מיינע טייערע.

הערווינ:

(איבערנעמענדיק)

און איך מיט געאָרגן האָבן זיך אין דער גרויסער שטאָט פּלענער געמאַכט. מיר וועלן אַראָפּברענגען ברונאָן, דער-נאָך טאַטע-מאַמע. אַלע וועלן פאַרדינען. מיר וועלן זיך הינטער דער שטאָט אויסבויען אַ קליין שיין הייזל מיט אַ גערטנדל. מיין גאָלד-קעפּיקער זון וועט זיך שפּילן מיט דער באָבע. ביידע וועלן לאַכן. די באָבע וועט יאָגן מיט קליינע, שוואַכע טריטעלעך דאָס זוניקע איינינקל און וועט זיך אַלע מאָל כאַפּן פאַרן האַרץ, אַ ביסל שווער אָטעמען און ווייטער לויפן און לאַכן. (ביידע וויינען)

עלזע:

מיט אייך, קינדער, האָב איך נישט געהאַט קיין צייט



צו שפּילן זיך. שטענדיק געווען שווער פאַרהאָרעוועט פאַריאָגט — אוי, קינד מיינס.

הערווינ:

גרעטע, עס איז שוין באַלד מיטאָג-צייט. דער טאַטע מיט ברונאָן וועלן באַלד קומען. אפשר ווילסטו אונז צוגרייטן דאָס מיטאָג?

גרעטע:

ביטע זייער. (גייט-צו צו דער קיך און הייבט-אָן צוגרייטן) קיין פלייש איז נישטאָ?

עלזע:

נישטאָ, איך פאַרקרענק אַלץ. (רעדט וויינענדיק) שוין בע-סער, אַז איך זאָל שטאַרבן, וועלן זיי כאָטש האָבן אַ שטיקל פלייש צום מיטאָג. (וויינט הויך)

הערווינ:

(איבערנעמענדיק)

וואָס רעדסטו, מוטער. וועלכע קוילנגרעבער עסן דאָס אין דער צייט פון אַ שטרייק פלייש? צי זענען מיר נישט צופרידן, אַז מיר האָבן צו דער זאַט ברויט צו עסן, אַז מיר קאָנען אונזערע לייבער מיט עפּעס פאַר-דעקן, אַז מיר פרירן נישט?

הילדע:

(אַריינקומענדיק מיט עממען)

דער דאָקטאָר וועט באַלד קומען.

עלזע:

נאָך וואָס, מען דאַרף נישט. עס וועט שוין נישט לאַנג דויערן.

עממע:

עלזע, אַ ביסעלע מוט מוזסטו נאָך האָבן. איך בין על-טער פון דיר און שלעפּ זיך נאָך אַרום אויף דער זינ-דיקער ערד.

עלזע:

די ערד איז נישט זינדיק, די מענטשן זענען זינדיק.

ע מ מ ע:

גוט. זאָל זיין ווי דו זאָגסט.

ג ר ע ט ע:

ווו שטייט דאָס פּעטס?

ע ל ז ע:

(שוואַך)

דאָרט אויף דער פּאָליצע. — קומט אַהער, טייערע (אַלע גייען צו) עס איז לייכטער צו שטאַרבן, ווען מען ווייסט, אַז אַרום שטייען מענטשן נאָענטע, אַלטע לעבנספריינט. — אַ שאָד, וואָס מיין קאָנראַד און מיין ברונאָ זענען דאָ נישטאָ, איך וואָלט שוין געווען אַ צופרידענע. — העדוויג, קוש מיר האַרציק דיין גאָלדקעפּיק זונדעלע און געאָרגן. — גרעטע, זע נאָר, צי דאָס ביסל וואַרעמס קאָכט זיך. זיי, די מענער, קומען דאָך באַלד. — עממע, אַלטער פריינט מיינער. (אַלע חיינען) מיין טייערער מאַן. (זייער שוואַך) העדוויג, — העדוויג. (שטאַרבט)

ה ע ד וו י ג:

(רעדשראָקן)

מאַמע, איך בין נעבן דיר, מאַמע שטאַרב נישט! ליבע מוטער מיינע! (צוזאַמענגעבראָכן) באַלד וועלן קומען דער פאָטער און דער ברודער, די מוטער וועט זיי שוין מער נישט זען. (חיינט)

ג ר ע ט ע:

אַ לעבן פון אַן אַרבעטער-מאַמע, פון אַן אַרבעטער-פרוי; — פּאַריאָגט, פאַרשוואַרצט, און אַזוי ווייניק ליכטיקע מינוטן.

ה י ל ד ע:

און מיר אַליין פאַרפינסטערן נאָך מער אונזער לעבן.

ה ע ד וו י ג:

ווען וועלן מיר שוין רייף ווערן צו פאַרשטיין דעם געוואַלטיקן גרויל פון אונזער לעבן? — ווען וועט זיך אונזער געדולד אויסלאָזן??



(עס עפנט זיך שטיל די טיר, מאַרי קומט פאַמעלעך אַריין, קוקט-אַן די פרויען, זי פאַרשטייט, אַז עלזע איז געשטאָרבן — זי לאָזט זיך לאַנגזאַם אַראָפּ אויף דער פאָדלאָגע, בלייבנדיק זיצן נעבן דער טיר. העדוויג גייט-צו צו איר, גלעט זי איבערן קאָפּ).

ה ע ד וו י ג:

(וויינענדיק)

מאַרי, אומגליקלעכער פריינט אונזערער.

פ אָ ר ה אַ נ ג

---

# צווייטער אַקט

## ב י ל ד 3

אַ רייך-מעבלירט אַרבעטס-צימער פון די דירעקטאָרן פון קוילנגרובן. — עס זענען אַנוועזנד די דירעקטאָרן: שרעדער און מילער און די אַרבעטער-דעלעגאַטן: געאָרג, ברונאָ און קאַרל.

ש ר ע ד ע ר:

ווי איר זעט, ווייזן מיר אַרויס דעם בעסטן... ווילן צו פאַרענדיקן דעם שטרייק. אָבער איר, מיינע הערן, (אויפגערעגט) שטעלט חוצפּהדיקע פאָרשלאָגן.

ק אַ ר ל:

(אויפגערעגט)

איך האָב עס שוין באַלד גענוג. דאָס געדולד קאָן דאָך פּלאַצן.

מ י ל ע ר:

(מיט אַ שמייכל)

רעגט אייך נישט אויף. מיר וועלן אַלץ אַמבעסטן פאַרענדיקן.

געאָרג:

ווי אַזוי זאָלן מיר זיך נישט אויפרעגן, הערנדיק אייערע ווערטער?

מילער:

רויק, מיינע הערן — ביי אונטערהאַנדלונגען זענען ביידע צדדים דיפּלאָמאַטן, און מיר דאַרפן זיך אויפפירן אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר דיפּלאָמאַטן. (קאַרל קאָן נישט איינזיצן)

ברונאָ:

מיר זענען אַרבעטער-דעלעגאַטן און ווילן זיך נישט שפּילן אין דיפּלאָמאַטיע. (מיט איראָניע) וואָס דיפּלאָמאַטן זענען, ווייסן מיר.

קאַרל:

(אויפגערעגט)

עקלהאַפטע ווערם.

מילער:

באַרויקט אייך.

קאַרל:

(אויפגערעגט)

איך האָב עס גענוג!

שרעדער:

(לאַנגזאַם)

ווי מיר זעען, פירט איר דערצו, אַז די אונטערהאַנדלונגען זאָלן איבערגעריסן ווערן.

געאָרג:

(אויפגערעגט)

הערן דירעקטאָרן, — די קאַץ-און-מויז-שפּיל ווערט אויך מיר שווער איבערצוטראָגן. דעם שטרייק האָט איר פּראָוואָצירט. איר האָט נישט געוואָלט אונטערהאַנדלען וועגן אַ נייעם אָפּמאַך, וועלנדיק אַזוי-אַרום אונז צווינגען צו אַרבעטן אויף די אַלטע באַדינגונגען מיט אַ צולאָג פון נאָך איין שעה אַרבעט טעגלעך.



שרעדער:

מיר האָבן דעם בעסטן ווילן, אָבער די געשעפטן אונזערע דערלויבן נישט איינצוגיין אויף אייערע פאָדערונגען.

ברונאָ:

פאַרוואָס דערלויבן דאָס נישט אייערע געשעפטן איינצוגיין אויף אונזערע פאָדערונגען? — אפשר דערפאַר, ווייל די פּראָדוקציע אין גרובן איז געשטיגן, אין פאַרגלייך מיט פאַר דער מלחמה, אויף קנאַפּע 15 פּראָצענט — אָדער אפשר גאָר דערפאַר, ווייל איר צאָלט אונז אין אַ וואַליוטע, וועלכע פאַרלירט צו-ביסלעך איר ווערט און איר נעמט פאַר די קוילן די אַלץ-שטייגנדע דאָלאַרן? קלערט אונז אויף — מיר ווילן וויסן!

שרעדער:

(אויפגערעגט)

איר, מיין הער, פאַרלאַנגט צו-פיל — דער גרובן געהערט אונז, און מיר פעלט גאָרנישט אייז צו לאָזן זיך דורך אייך קאָנטראָלירן!

קאַרל:

(אויפגערעגט)

אָבער צווינגען אונז צו אַרבעטן פאַר אַ הונגער-לוין, דאָס פאַלט אייך יאָ איין!

געאָרג:

(קאַלטבלוטיק)

מיר, אַרבעטער, פאַרשטייען, אַז אין אַלגעמיין ווערט רייכטום געשאַפן נאָר דורך אַרבעט. — אין דער הייניטיקער אָרדענונג אָבער ווערט רייכטום געשאַפן דורך אויסנוצן יענעמס אַרבעט, נישט צאָלנדיק דעם פולן ווערט פאַר דעם אַרבעטערס שווערע פּראַצע. דערפון איז געדרונגען, אַז מיר, די 4000 אַרבעטער, וואָס זענען באַשעפטיקט אין גרובן, זענען גרעסערע מיט-שותפים צום גרובן, ווי איר.

מילער:

(שפרינגט־אויף)

דאָס איז דאָך דער געמיינסטער באָלשעוויזם!

געאָרג:

(רויק)

ווי איר ווילט, מעגט איר עס אָנרופן.

מילער:

(אויפגערעגט)

איך האָב דאָס אויך שוין גענוג! (זעצט זיך)

געאָרג:

איך דערקלער קאַטעגאָריש, אַז מיר ווילן פון אונזערע באַדינגונגען נישט אָפּטרעטן. — איך פאָרמולירן זיי צום לעצטן מאָל: 1) אַן 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג; 2) די דירעקציע פירט גלייך אַדורך, לויט אונזערע אָנווייזונגען, די נויטיקע אויסבעסערונגען אין גרובן, כּדי אויסצומיידן קאַטאַסטראָפעס, וואָס טרעפן זיך לעצטנס אַלץ אָפטער; 3) אַלס לוין־מאָדוס בלייבן די פעסטגעשטעלטע טאַריפן פון נאָכן לעצטן שטרייק, אָבער מיטן פּראָצענטועלן יקרות־צושלאָג, לויט די אויסרעכענונגען פון דער שטאָ־טישער סטאַטיסטישער קאָמיסיע. אַזוי ווי פאַר דער צייט פון לעצטן שטרייק איז דער יקרות געשטיגן אויף 12 פּראָצענט, ווערט דער לוין־אונטערשיד אויסגעצאָלט די אַרבעטער אין 2 ראַטעס ביי די נאָענטסטע 2 לוין־אויס־צאָלונגען; 4) דער לוין פון די פרויען־אַרבעטערינס ווערט נישט געקירצט און 5) די עלטערע אַרבעטער ווערן נישט אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. מיר האַלטן פאַר נישט דער־לאָזבאַר אַרויסצוּוואַרפן איבער 100 עלטערע אַרבעטער, וואָס דער גרעסטער טייל זייער אַרבעט שוין אין גרובן צענטליקער יאָרן, נאָר דערפאַר, ווייל זייער אַרבעטס־קראַפט, אין פאַרגלייך מיט די יינגע אַרבעטער, איז עט־וואָס קלענער.



שרעדער:

מיר ווילן אייערע באַדינגונגען נישט אָננעמען, ווייל אונ־זערע געשעפטן דערלויבן עס נישט. (די אַרבעטער שמייכלען)

מילער:

עס איז נישטאָ וואָס צו לאַכן. — איך וועל מיר אויך דערלויבן איבערצוחזרן אונזערע באַדינגונגען: 1) אַ 9 שעה־דיקער אַרבעטס־טאָג — אַזוי ווי עס קלויבן זיך איינצו־פירן אויך אַנדערע גרובנס. מיר זענען געשעפטסלייט און מוזן זיין קאָנקורענץ־פעיק, אויב מיר ווילן נישט אַרויס־געשטויסן ווערן פון מאַרק. 2) די דירעקציע וועט שטופּנ־ווייז איינפירן די נויטווענדיקע אויסבעסערונגען אין דעם גרובן — אָבער די אויסבעסערונגס־אַרבעטן, וואָס דאַרפן קאָסטן אַ שפּאָר ביסל געלט, ווילן זיך ערשט אָנהייבן אין 2 יאָר נאָכן שליסן דעם איצטיקן אָפּמאַך. ווי איר ווייסט, מיינע הערן, האָבן מיר איצט אַריינגעלייגט גרע־סערע סומעס אויף אַ רייע אינוועסטיציע־אויסגאַבן.

קאַרל:

(אויפגערעגט)

אָבער אונז גייט וועגן לעבן פון 4000 אַרבעטער, וועמען עס דראָט די געפאַר יעדע מינוט אומצוקומען!

מילער:

מיר האָבן אייך פּאָטערלעך אין זינען. (די אַרבעטער לאַכן) איר האָט נישט וואָס צו לאַכן! — איך זעץ־פאָר — פּונקט 3) מיר מאַכן אַן אָפּמאַך אויף 6 חדשים. דער אַלטער לוין־מאָדוס בלייבט אין קראַפט. דעם יקרות־צושלאָג אָנער־קענען מיר נישט, ווייל צו די אויסרעכענונגען פון דער שטאָטישער סטאַטיסטישער קאָמיסיע האָבן מיר נישט קיין צוטרוי; 4) דער לוין פון די אַרבעטערינס ווערט געקירצט אויף 10 פּראָצענט. עס מעלדן זיך צו אונז הונדערטער אַרבעטערינס, וועלכע ווילן גיין אַרבעטן פאַר פיל ביליקער, ווי מיר צאָלן איצט און 5) עס ווערן אָפּגעזאָגט 110 עלטערע אַרבעטער. מיר, אונטערנעמער, טאָרן זיך נישט

רעכענען מיט קיין שום סענטימענטן. ווי לאַנג דער אַר־בעטער האָט ביי אונז געאַרבעט — אינטערעסירט אונז נישט. מיר ברויכן יינגע ״״ געזונטע אַרבעטס-הענט און אונז איז נויטיק אַרויסצוּוּמען פון זיי אַ וואָס-גרע־סערן סכום אַרבעט.

געאָרג:
(אויפגערעגט)
איר, מיינע הערן, פירט אַ געפערלעכע שפיל. מיר וועל מיט די ציין פאַרטיידיקן אונזערע גערעכטע פאָדערונגען

שרעדער:
טוט, ווי איר פאַרשטייט.

קאַרל:
(שרייט)
דאָס וועלן מיר אויך טון!

שרעדער:
(אויפגערעגט)
שרייט נישט! איר געפינט זיך נישט אין שענק!

קאַרל:
(אויפגערעגט)
דאָ איז נאָך ערגער, ווי אין שענק!

שרעדער:
(קלינגט אין גלעקל — אויפגערעגט)
איך וועל אייך הייסן אַרויספירן!

ברונאָ:
(לאַכנדיק)
די הערן דירעקטאָרן ווערן אויס דיפּלאָמאַטן.

קאַרל:
(אויפגערעגט)
אַרויספירן וועלן מיר אייך און דאָס אויף די גרובן־טאַטשקעס.
(שרעדער און מילער קוקן זיך איבער)



געאָרג:
קומט, חברים. (אַלע אַפּ לינקס)

פראַנץ:
(שאַרט זיך אַריין פון דער רעכטער זייט טיר — מיט כעס)
דאָס זענען אויסוואָרפן!

שרעדער:
(אויפגערעגט)
אויסוואָרפן זאָגסטו?! פאַרברעכער זענען דאָס!

פראַנץ:
(אונטערטעניק)
אמת, הער דירעקטאָר, פאַרברעכער זענען זיי.

מילער:
(אויפגערעגט)
מיר האָבן שוין גענוג די באַנדע פון שטרייק-קאָמיטעט! מיר מוזן פון זיי פטור-ווערן. (שפּאַצירט נערוועז איבערן צימער)

פראַנץ:
ווי אַזוי מיינט איר דאָס, הער דירעקטאָר?

מילער:
פאַרלאָז דיך אויף מיר. פראַנץ, איך וועל דאַרפן דיין הילף.

פראַנץ:
(אונטערטעניק)
גערן אייך מיט אַלעם צו דינען, הער דירעקטאָר. איך בין אויף אַלעם גרייט.

מילער:
קאָנסט גיין, פראַנץ. (כאַפּט זיך) וואַרט! פרוּוו זיי אפשר אַריינקריגן צו זיך אין שענק — שיכּור זיי גוט אָן, און באַמי זיך ווי ווייט מעגלעך פון זיי עפּעס אַרויסצוּקריגן.

פראַנץ:
איך וועל עס פּרוּוון. — אַ גוטן. (שאַרט זיך אויף צוריק, — אַפּ)

מ י ל ע ר :

איך וועל אַ שמועס-טון מיטן אָבער-אינזשיניער.

ש ר ע ד ע ר :

דערליידיקט עס טאַקע. די אויסוווּרפן זענען עס ווערט.

*פ אָ ר ה אַ נ ג*

---

## ב י ל ד 4

אַ צימער ביי פראַנצן אין שענק. עס שטייען 4 קליינע טישלעך מיט עטלעכע טאַבורעטן אַרום. אויף די ווענט מלחמה-בילדער. אַ טיר אין דער ברייטער וואַנט און אַ טיר רעכטס. פון צימער רעכטס הערט זיך דאָס זינגען פון שיכּורע מענער- און פרויען-שטימען. די אַקציע קומט-פאָר 3 וואָכן נאָך עלזעס טויט. אָוונט-צייט. ביים אָנהייב אַקט אויף דער בינע פראַנץ און מאַקס.

פ ר אַ נ ץ :

איצט האָסטו אַ געלעגנהייט צו ווייזן, אַז דו אַרבעטסט פאַר דער דירעקציע. וועט דיר דאָס געלינגען, ווערסטו אויס קוילנגרעבער, קאָנסט זיך היילן פון דיין קרענק, און ווערן אַ נייער מענטש.

מ אַ ק ס :

איך אַרבעט שוין פאַר דער דירעקציע איבער 2 יאָר, און וואָס האָב איך דערפאַר? אַמאָל וואַרפט מען מיר צו אַ פאָר גראָשן. די גאַנצע צייט האָב איך געמוזט אַרבעטן אין שאַכט און איך רייס מיר דאָס לעצטע ביסל געזונט אַרונטער.

פ ר אַ נ ץ :

אָך, דו לעמעשקע איינער. וואָס מיינסטו, אַז באַלד פון ערשטן טאָג וועט ריך די דירעקציע מיט גאָלד באַשיטן? (לאַכט) דאָס גייט נישט אַזוי שנעל. איך דין שוין דער דירעקציע 15 יאָר. מיר האָבן זיי פיל געהאָלפן. — ביים



אַקטיוון מיליטער-דינסט האָבן זיי מיך אַריינגעפּאַקט אין דער אונטער-אָפיצירן-שולע, אַזוי אַז צום סוף דינסט בין איך שוין געווען פעלדפעבעל — (גרויסט זיך) — דו פאַרשטייסט — פעלדפעבעל! ווען איך בין אַהיימגעקומען האָט מען מיך חתונה-געמאַכט און געגעבן אַ פיינע ווינונג. — איך האָב דערפאַר ערלעך געדינט, איך האָב פאַר זיי אַלץ געטון. איך זאָג דיר — אַ ל ץ. שפּעטער האָב איך דער דירעקציע אויפגעגעבן דעם געדאַנק, אַז זיי זאָלן מיר עפענען אַ שענק, ווייל ביי אַ גלעזל שנאַפּס וועל איך ביי די קוילנגרעבער מער קאָנען אויפטון. איך האָב מיר איינגעשאַפט עטלעכע שיינע קעלנערקעס און די אַרבעט איז אַוועק. — שנאַפּס און ווייבער האָבן מיר שוין נישט איין קוילנגרעבערס מויל געעפנט. (לאַכט) — עך, ברודערקע, ווען דו וואָלסט וויסן וואָס איך האָב שוין פאַראַ זאַכן אָפּגעטון. — מיר איז גוט. (קלאַפּט זיך איבערן בייכל) איך בין פאַרזאָרגט. (דערמאָנט זיך) יאָ, איך וויל דיך פאַר אַ מענטש מאַכן. מיר מוזן צווישן די אַרבעטער טון אונזער אַרבעט. אויב מען זאָל דיך גלייך פון שאַכט אַרויסנעמען, טאָ ווי אַזוי וועסטו טון דיין אַרבעט?

מ אַ ק ס :

מען קאָן אויך אויסער דעם שאַכט אויפטון. מיר איז שווער צו אַרבעטן. איך מוז זיך היילן, ווייל לאַנג אַזוי וועל איך שוין מער, מיט מיינע קראַנקע לונגען, נישט אָנטרייבן.

פ ר אַ נ ץ :

איך גיב דיר מיין וואָרט פון אַ פעלדפעבעל, אַז העלפסטו מיר איצט, אין דער צייט פון שטרייק, אַדורכפירן מיין פּלאַן, וועסטו שוין מער אין שאַכט נישט אַרבעטן.

מ אַ ק ס :

דאָס וואָרט פון אַ... פעלדפעבעל! (שמייכלט)

פראַנץ:

(אויפגערעגט)

איז וואָס, געפעלט דיר נישט דאָס וואָרט פון אַ פעלד-
פעבעל ?!

מאַקס:

גאָר שטאַרק געפעלט עס מיר נישט. איך געדענק נאָך
זייערע ווערטער פון דער מלחמה-צייט.

פראַנץ:

(אויפגערעגט)

אָך, דו חזיר איינער! איך וואָלט דיך שוין פאַר אַ לייט
געמאַכט, ווען דו פאַלסט אין מיינע הענט אַריין! (קלערט
א ווײַלע) וואָס האָבן מיר צו רעדן וועגן נאַרישקייטן. העלף
מיר, מאַקס, און דו ביזט אַ געהאָלפענער.

מאַקס:

אָבער וואָס דאַרף איך טון?

פראַנץ:

איך מוז אַריינקריגן אין שענק אַריין דעם גאַנצן שטרייק-
קאָמיטעט. אונז מיטהעלפן קאָן האַנס. ער שיכּורט שוין
ביי מיר דעם צווייטן טאָג אָן אַ גראָשן געלט, און וויל
גאָרנישט אַוועקקריכן פון די מיידלעך דאָרט. — מיין
פּלאַן איז אַזעלכער: דו ווייסט, מאַקס, אַז מיין אַננע-
מאַרי האָט מיר נעכטן געשאָנקען דאָס פינפטע קינד.
(ער שמייכלט ברייט) יאָ, דאָס פינפטע — דאַרף איך, הייסט
עס, מאַכן אַ ביבקע פאַר גוטע פריינט. דו, מאַקס, וועסט
אַהער אַריינרופן האַנסן און אים וועגן דעם דערציילן,
און זאָגן, אַז איר ביידע דאַרפט מיך אויף אַזאַ ביבקע
אָנציען. דו ווייסט דאָך, אַז איך גיי אָן פאַר דעם בעסטן...
גוטן פריינט פון די קוילנגרעבער, וועל איך מיך נישט
לאַנג לאָזן בעטן, און איר מוזט דערפאַר די גאַנצע חברה
דאָ אַהערשלעפן. (קלערט א ווײַלע) דער שטרייק דויערט
שוין 4 וואָכן, דאָס ביסל קוילנגרעבער וועט גערן טרינקען
אַ בחינמדיקן שנאַפּס. — זאָל נאָר געאָרג נישט שטערן.



מאַקס:

האַנס וועט זיכער באַשטיין אויף דיין פּלאַן, אָבער יענע
וועלן נישט קומען, ווייל פון האַנסן האַלטן זיי לעצטנס
נישט פיל. ער שלאָגט זיין פרוי, ער פאַרקויפט אַלץ פון
שטוב אַרויס. ער שיכּורט גאַנצע טעג.

פראַנץ:

דו מוזט אים ענערגיש העלפן. (קלערט א ווײַלע) מאַקס, דו
ווייסט, אַז מען וואָלט האַנסן געדאַרפט אַריינציען אין
אונזער אַרבעט. ער קאָן אונז פיל העלפן. רוף אים
אַריין, איך האָב אַ פּלאַן.

(מאַקס אָפּ רעכטס. — פראַנץ שפּאַצירט נערוועז איבערן צימער —
שטעלט זיך האַסטיק אָפּ)

פראַנץ:

איך מוז זיי אַהערקריגן. אַזאַ באַפעל האָט מיר די די-
רעקציע געגעבן. איך מוז געוווויר-ווערן וועגן זייער לאַגע,
וועגן זייערע באַשלוסן. (בייז) מאַקס געפעלט מיר נישט.
ער איז נישט דעצידירט אונז צו העלפן. ער קלערט נאָר
וועגן זיין... קראַנקייט. (טראַכט א ווײַלע) — איך וועל פּרוּוון
האַנסן אַריינקריגן אין מיין האַנט. דער וואָלט מיר אַ סך
געקאָנט העלפן. — זייט רויק, הערן דירעקטאָרן, איך וועל
מיין אַרבעט טון. (אָפּ)

מאַקס:

(אַריינקומענדיק מיט האַנסן)

איך זאָג דאָך דיר, אַננע-מאַרי האָט געבוירן אַ זון, שוין
דאָס פינפטע קינד, דו פאַרשטייסט? — לאָמיר ביידע
אַ רעד-טון מיט פראַנצן, אַז ער זאָל איינלאַדן אַ גרו-
פּע אונזעריקע און מאַכן אַ ביבקע. — וועסט מיר
העלפן, האַנס?

האַנס:

(אַ שיכּורלעך)

דאָס פינפטע, זאָגסטו?

מאַקס:

ענטפער דאָך, צי דו ווילסט מיר העלפן אַ רעד-טון מיט פראַנצן וועגן אַ ביבקע.

האַנס:

פאַרוואָס נישט, טרינקען בין איך שטענדיק גרייט.

מאַקס:

טאָ וועל איך פראַנצן אַריינרופן.

האַנס:

וואַרט. (שרייט) פראַנץ! פראַנץ!

פראַנץ:

(אין טיר)

וואָס שרייסטו?

האַנס:

קום אַהער!

(פראַנץ גייט-צו)

פראַנץ:

(שמייכלט)

ווילסט מיר אפשר געלט צאָלן?

האַנס:

אַננע-מאַרי איז דיין ווייב, פראַנץ?

פראַנץ:

מיין ווייב.

האַנס:

אַננע-מאַרי האָט דיר נעכטן אַ זון געבוירן?

פראַנץ:

מיר.

האַנס:

שוין דעם פינפטן זון?

פראַנץ:

דאָס פינפטע קינד. איך האָב 3 טעכטער און 2 זין.

האַנס:

מיר איז אַלץ-איינס, אָבער דו, גאָלדן-שטיק-מיסט, וואָס



דו ביסט, האָסט שוין 5 זין און וואָס? — קיינער וועט פון דיר קיין שנאַפּס נישט דערלעבן?

מאַקס:

אַזוי, פראַנץ, פירט זיך נישט קיין געוועזענער קוילנגרע-בער. ביזט ווידער אַמאָל געוואָרן אַ טאַטע, רוף אַריין דיינע פריינט און גיב זיי צו טרינקען ביז מאָרגן פרי.

האַנס:

יאָ, צו טרינקען ביז מאָרגן פרי.

פראַנץ:

(מיט אַ שמייכל)

פאַר פריינט טו איך גערן אַלץ. אָבער וועמען פאַרבעטן?

האַנס:

וועגן דעם זאָרג נישט. איך ברענג דיר באַלד אַהער 500 קוילנגרעבער.

פראַנץ:

(לאַכנדיק)

דאָס איז אַביסל צו-פיל. פאַרבעטן דאַרף מען בלויז גאָר גוטע פריינט.

האַנס:

זאָל זיין. מיר איז אַלץ-איינס.

פראַנץ:

(מאַכט זיך נאָכקלערן)

לאָמיר זאָגן, איר וועט אַהעררופן: קאָנראַדן, ברונאָן, אוי-גוסטן, געאָרגן (האַנס מאַכט אַ זויערע מינע — אָבער הערט זיך צו זייער אויפמערקזאַם) ווילין, ערנסטן און, און — וועמען נאָך? — יאָ — קאַרלען.

האַנס:

(חזרט-איבער)

קאָנראַדן, ברונאָן, מיין שווער און 2 שוואָגערס, ערנסטן, קאַרלען — דאָס איז דאָך דער גאַנצער שטרייק-קאָמיטעט!

פראַנץ:

אַזוי? — איך האָב גאָרנישט געוווּסט. — דאָס איז נישט וויכטיק, זיי זענען מיינע בעסטע פריינט.

האַנס:

דאָס, ברודער, זענען פלי־פיש, זיי וועסטו אַזוי לייכט נישט אַהערקריגן.

פראַנץ:

איך וועל דאָך נישט איינלאַדן גלאַט באַקאַנטע אויף אַ ביבקע און גוטע פריינט לאָזן זיצן אינדערהיים.

האַנס:

(אין פאַרלעגנהייט)

זיי זענען אַלע זייט דעם שטרייק־אויסברוך זייער פאַרנומען, און איך ווייס נישט, צי זיי וועלן מיר גלויבן, אַז דו האָסט זיי איינגעלאַדן. (קלערט אַ ווײַלע) איך אַליין וועל זיי נישט רופן — מיר זענען לעצטנס ווייניק גוטע ברידער צווישן זיך.

פראַנץ:

אויב אַזוי, דאַרף מען נישט. מען וועט זיך באַגיין אָן אַ ביבקע.

מאַקס:

האַנס, ער וויל זיך שוין אַרויסדרייען.

האַנס:

ניין, דאָס גייט נישט, פראַנץ. — דו אַליין רוף זיי.

פראַנץ:

איך קאָן נישט דאָס געשעפט אַליין לאָזן. ווו זאָל איך זיי זוכן?

האַנס:

זיי זענען זיכער ביי קאָנראַדן. זייט עלזע איז געשטאָרבן דערליידיקן זיי אַלע ענינים ביי קאָנראַדן, ווייל ער אַליין איז אויך נישט מיט אַלעם. ער קרענקט צו־ביסלעך.

פראַנץ:

איך וועל נישט גיין. איך האָב נישט קיין צייט.



מאַקס:

דאָס זענען בלויז פוילע רייד, פראַנץ. זאָג, אַז דו ווילסט זיך אַרויסדרייען פון צוגעזאָגטן וואָרט.

פראַנץ:

(מאַכט זיך בייז)

אַ וואָרט פון אַ פעלדפעבעל איז אַ וואָרט. ברענגט זיי מיר אַהער און איר קאָנט טרינקען 2 טאָג אָן אויפהער

האַנס:

(לאַכט)

דער פעלדפעבעל קריכט דיר גאָר פון קאָפּ נישט אַרויס.

פראַנץ:

אַלזאָ, רופסט זיי אַהער?

האַנס:

איך נישט. (עס הערט זיך אַ טעלעפאָן־קלונג — פראַנץ גייט־אַרויס

מאַקס:

זאָלן מיר אפשר ביידע גיין?

האַנס:

איך נישט.

מאַקס:

אַ שאָד. מיר וואָלטן געקאָנט דעם אמתן טרינק־געבן און דערנאָך אַ לעב־טון מיט פראַנצס קעלנערקעס.

האַנס:

אמת, אַ שאָד.

מאַקס:

טאָ קום, לאָמיר זיי אַהערשלעפּן, האַנס.

(פראַנץ באַווייזט זיך אין טיר מיט אַ פלאַש אין האַנט)

פראַנץ:

אַ גוטן קאָניאַק וועסטו טרינקען, האַנס?

האַנס:

(דערפרייט)

שטענדיק.

**פראַנץ:**

(גיסט־אָן — האַנס טרינקט)

פאַרן געזונט פון מיין ניי־געבוירענעם זון.

**האַנס:**

זאָל ער געזונט־זיין, דיין זון, אָבער קיין פעלדפעבעל, דער פאַסקודניאַק, זאָל ער נישט ווערן.

**פראַנץ:**

(גיסט ווייטער אָן)

ער וועט שוין יאָ ווערן.

**האַנס:**

(טרינקט)

זאָל זיין. מיר איז אַלץ־איינס. — אָבער קעלנערקעס האָסטו פיינע.

**פראַנץ:**

(גיסט־אָן — האַנס טרינקט)

איך קלויב מיר דאָס בעסטע אויס — כע! כע! (גיט אַ צייכן מאַקסן, יענער גייט־אַרויס) הער, האַנס, איך וויל מיט דיר וועגן עפּעס אַ רעד־טון, ווילסט מיך אויסהערן? (גיסט־אָן)

**האַנס:**

(טרינקט)

אויב עפּעס פריילעכס, בין איך שטענדיק גרייט.

**פראַנץ:**

איך וויל דיך מאַכן פאַר אויס קוילנגרעבער (האַנס שטעלט־אויף אַ פּאָר אויערן) דו וועסט ווערן אַ שענקער, ווי איך. דו וועסט קאָנען טרינקען וויפל דיין האַרץ וועט נאָר וועלן. דו וועסט האָבן אַ ווייב אינדערהיים, און... קעלנערקעס אין שענק. (ביידע לאַכן) וועלן דיר די קעלנערקעס מיאוס־ווערן, טאָ שיק זיי אַהיים און זוך דיר אויס אַנדערע. (גיסט־אָן — האַנס טרינקט) וואָס פעלט מיר, האַנס? — אַ ווייב אַ ווירטין, אַ גוטע מאַמע האָב איך. די קעלנערקעס אין שענק טויש איך אַ 2—3 מאָל יערלעך. מאַכט זיך, אַז איינע פון זיי געבערט אַ קינד, מוז



די אַלימענטן צאָלן אַן אומשולדיקער קוילנגרעבער (ביידע לאַכן) אַרבעטן, אַרבעט איך נישט שווער, אויסזען, זע איך אויס גוט. (קלאַפּט זיך איבערן בייכל) זאָג, האַנס — וואָס פעלט מיר?

**האַנס:**

(פּרוּווט זיך אויפשטעלן, נאָר קאָן נישט)

בויך־ווייטיק, פראַנץ. (ביידע לאַכן)

**פראַנץ:**

ווילסט אַזוי לעבן, ווי איך?

**האַנס:**

פאַרוואָס נישט.

**פראַנץ:**

טאָ העלף מיר דינען דער דירעקציע פון אונזער גרובן (האַנס מאַכט־אויף מויל־און־אויגן — ער וויל זיך אויפשטעלן און קאָן נישט) און איך גיב דיר דאָס וואָרט פון אַ פעלדפעבעל, אַז אין קורצן וועסטו אַזוי לעבן, ווי איך. געדענק: שנאַפּס, וויפל דו ווילסט, ווייבער, וויפיל דו ווילסט, גוט עסן, לייכטע אַרבעט, קיינמאָל קיין מורא פאַר קיין שטרייק. — מיט דער צייט אַן אָנגעזעענער בירגער. — אַלזאָ, געמאַכט, האַנס?

**האַנס:**

(שמייכלט)

שנאַפּס, ווייבער, נישט אַרבעטן. יאָ, גאָלדן־שטיק־מיסט עס איז געמאַכט.

**פראַנץ:**

(צעקושן זיך)

איצט גיי גלייך אַריבער צו קאָנראַדן און ברענג זיי אַלע אַהער.

**האַנס:**

גיב מיר וועמען צו־הילף. (הויבט זיך קוים אויף) איך קאָן נישט גיין.

**פראַנק:**

גוט. קריגסט צו־הילף מאַקסן. (שרייט) מאַקס! מאַקס!

**מאַקס:**

(אַריינקומענדיק)

וואָס שרייסטו, פראַנק?

**פראַנק:**

האַנס דאַרף דיך.

**האַנס:**

(וואַקלט זיך)

מאַקס, ביזט אַ קאַמראַד?

**מאַקס:**

יאָ, איך בין דיין קאַמראַד.

**האַנס:**

(צו זיך)

שנאַפּס, ווייבער, נישט אַרבעטן, זאָגסטו? (צו מאַקסן) נעם מיך אונטערן אָרעם, מיר גייען צו קאָנראַדן, פאַרבעטן אַלע פון שטרייק־קאָמיטעט אויף אַ ביבקע. (ביידע אָפּ)

**פראַנק:**

די דירעקציע ווערט נערוועז. זיי האָבן מיר שוין ווידער אַמאָל אָנגעקלונגען, אַז איך מוז היינט געוווירווערן די לאַגע פון די שטרייקנדע, זייערע באַשלוסן. ווייל מאָרגן איז דער לעצטער טערמין פון די אונטערהאַנדלונגען.. (שפּאַצירט נערוועז) עס זאָל מיר נאָר געלינגען די חברה דאָ אַהערצוקריגן. — דער ליבער שנאַפּס וועט מיר שוין העלפן דאָס ווייטערדיקע. – מיט האַנסן וועל איך מיר אָן עצה־געבן. מיט אַ שנאַפּס און מיט אַ מויד קען מען אים פעסטהאַלטן.

**מאַקס:**

(אַריינקומענדיק)

האַנס איז אַליין אַרויף צו קאָנראַדן.



**פראַנק:**

(בייז)

און דו ביזט קראַנק־געוועזן מיטצוגיין! — ער וועט דאָך נאָך דאָרט אַלץ אויספּלוישן, וואָס איך האָב אים געזאָגט, דעם שיכּור.

**מאַקס:**

ער האָט מיך נישט געלאָזט מיטגיין. — האַנס ווייסט דאָך נישט, אַז איך מיט דיר זענען איינס.

**פראַנק:**

(בייז)

איינס ביזטו מיט מיר? הינטיש פּרצוף! — ווען דו, פוילער נאַר, וואָלסט געהאַט אַביסל אייל אין קאָפּ, וואָלסטו שוין לאַנג געווען אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין פאַריין, אָדער אין שטרייק־קאָמיטעט. מיר וואָלטן דאָך אַלץ געקאָנט וויסן פון דער ערשטער האַנט און נישט זיין אָנגעוויזן אויף אַזאַ שיכּור, ווי האַנס.

**מאַקס:**

דו רעדסט נאָר וועגן זיך. אָבער וועגן מיר טראַכסטו גאָרנישט. (פאַרביטערט) איך בין קראַנק און האָב נישט קיין קאָפּ צו די אַלע זאַכן.

**פראַנק:**

(שרייט)

שווייג! — ווייל איך צעברעך דיר די ביינער, דו פאַרפוילטער הונט!

**האַנס:**

(אין טיר)

זיי ווילן נישט גיין, פראַנק. זיי ווילן מיט מיר נישט רעדן. געאַרג לאָזט זיי נישט גיין. (דער טעלעפאָן קלינגט — פראַנק ציטערט־אויף) גיי דו, פראַנק. דיר וועלן זיי נישט אָפּזאָגן.

פראנק:

באַלד, איך גיי נאָר צו צום טעלעפאָן. (אָפּ)

האַנס:

(לאַכנדיק)

זיי גלויבן מיר נישט. — טרינקען ווילן זיי, דאָס ווייס איך. — מאַקס, וואָס שרייט ער אויף דיר?

מאַקס:

ער מאָנט געלט פאַר שנאַפּס, און איך האָב נישט צו באַצאָלן. דער שטרייק דויערט אַזוי לאַנג. אין אונזער גרובן איז יעדער האַלב יאָר אַ שטרייק. (בייז) פאַרברענט זאָלן זיי ווערן. (צו זיך) ניין, איך וועל מיך נישט לאָזן, איך וועל נישט... פאַרקויפן די חברים פאַר עטלעכע גראָשן. געגנוג שוין אַ נאַר געווען.

האַנס:

(צו זיך)

שנאַפּס, ווייבער, נישט אַרבעטן — (שרייט) פראַנק! דו לומפּיקער פעלדפעבעל, וווּ ביזטו דאָס פאַרפאַלן-געוואָרן?! פראַנק!

פראַנק:

(אין טיר)

אַביסל רויקער, האַנס. דו ביזט נישט דער איינציקער אין געשעפט. מאַקס, קום אַהער. (מאַקס גייט-צו — ער זאָגט אים עפּעס אויפן אויער) טאָ פאַרוואָס, זאָגסטו, ווילן זיי נישט אַהערקומען, האַנס?

האַנס:

זיי גלויבן מיר נישט. געאָרג לאָזט זיי נישט.

פראַנק:

איך אַליין גיי זיי אַהעררופן. (אַב)

מאַקס:

(זעצט זיך נעבן האַנסן)

ער וועט זיי שוין אַהערברענגען, די חברה. פראַנק איז אַלעמענס גוטער פריינט, זיי וועלן אים נישט אָפּזאָגן. —



שטערן אַן אייגענעם צו פייערן זיין יום-טוב איז נישט פיין. וואָס זאָגסטו, האַנס?

האַנס:

(צו זיך)

שנאַפּס, ווייבער — אָך, ווען איך קריג די העדוויג אין מיינע הענט אַריין, אָבער זי היט זיך. — (הייבט-אָן זינגען, מאַקס העלפט אים צו. — זיי זינגען אַ לענגערע ווײַלע)

מאַקס:

האַנס! דו געפעלסט אַלע ווייבער. (שמייכלט)

האַנס:

אָך, העדוויג-בלימעלע.

מאַקס:

וואָס, אַזוי שווער קומט דיר אָן דאָס צוכאַפּן זיך צו, העדוויגן?

האַנס:

ווער פרעגט דיך.

מאַקס:

דו דערציילסט דאָך אַליין.

האַנס:

איך דערצייל? וואָס דערצייל איך?!

פראַנק:

(אַ צעשטראָלטער, אין טיר)

זיי גייען! האַנס, זאָלסט האַלטן די מאָרדע! מאַקס, האָב דעם קאָפּ אויפן קאַרק! (אָפּ)

האַנס:

האַלט דו די מאָרדע, דו נאַרישער פעלדפעבעל.

(עס קומען אַריין: אויגוסט, ווילי, ערנסט, קאַרל, ברונאַ, קאָנראַדן און געאָרג)

אַלע:

גוטן אָוונט!

האַנס:

(שרייט)

פראַנץ, מאַך ליכט!

פראַנץ:

(קומט-אָן)

שוין, מיינע פריינט.

(מאַכט ליכט. שטעלט-צוזאַמען 3 טישלעך, אַלע נעמען טאַבורעטן און זעצן זיך)

האַנס:

רוף-אַריין די קעלנערקעס, זאָלן זיי אונז באַדינען.

פראַנץ:

ניין, האַנס. היינט איז מיין יום-טוב, און מיינע פריינט וועל איך אַליין באַדינען. (אָפּ)

האַנס:

איר האָט מיר נישט געגלויבט, איר. (דערמאָנט זיך עפּעס — טוט אַ שמייכל) טפו, הזירים, וואָס איר זענט.

קאָנראַד:

דיין אויפפירונג, האַנס, וועקט ביי אונז נישט קיין צוטרוי, און אַז מען האָט צו אַ מענטש נישט קיין צוטרוי, גלויבט מען אים אויך נישט.

פראַנץ:

(אַ באַלאָדענער מיט פלעשער און גלעזער, שטעלט פאַנאַנדער אויפן טיש) נו, ליבע פריינט, מיר קאָנען אָנהייבן. דאָס ערשטע מאָל גיס איך אָן (גיסט) און דערנאָך, פריינט, באַדינט אייך אַליין. מיר קאָנען טרינקען ביז מאָרגן. לחיים!

אַלע:

לחיים, לחיים! (טרינקען)

קאַרל:

דער קאָניאַק שמעקט גוט.

פראַנץ:

דאָס בעסטע און פיינסטע פאַר גוטע פריינט, צוליב מיין יום-טוב. (אָפּ)



ווילי:

טאַקע אַ גוט גלעזל קאָניאַק. שוין לאַנג אַזעלכעס נישט געטרונקען.

אויגוסט:

עס איז נישטאָ פאַר וואָס צו טרינקען. (גיסט אַלעמען אָן)

ווילי:

לחיים, חברים! פאַר אונזער זאַך!

אַלע:

פאַר אונזער זאַך!

(פראַנץ קומט-אַריין מיט אַ פרישער לאַדונג פלעשער)

קאָנראַד:

אַ גוט גלעזל קאָניאַק וואַרעמט-פאַנאַנדער די קראַנקע ביינער.

אויגוסט:

אָבער נאָך ווי.

געאָרג:

אַמבעסטן וואָלט געווען, ווען מען פאַרווערט אינגאַנצן דאָס טרינקען אַלקאָהאָל.

האַנס:

פאַרגעס, ברודערקע. טרינקען מוזן מיר. להיים, חברים!

פראַנץ:

(גיסט אַלעמען אָן)

לחיים, פריינט! פאַר אייער זאַך!

אַלע:

לחיים!

(מאַקס גיסט-אָן האַנסן אַ האַלבן קופּעל מיט קאָניאַק — האַנס באַמערקט נישט און טרינקט-אויס. — הוסט זיך שטאַרק פאַנאַנדער. — פראַנץ אָפּ)

האַנס:

(הוסטנדיק)

מאַקס האָט מיך פאַרטיק געמאַכט. (לאַכט)

**בּרונאָ:**

דו, מאַקס, דאַרפסט איינגאַנצן נישט טרינקען — ביזט דאָך קראַנק.

**מאַקס:**

פאַר צרות, פריינט, טרינק איך. — גלויב מיר, אַז פאַר צרות.

**האַנס:**

וויין נישט, דו גאָלדן-שטיק-מיסט, וויין נישט. דו וועסט שוין געזונט-ווערן.

**פראַנץ:**

(צריינקומענדיק מיט אַ לאַדונג ביר)

איצט בלייב איך שוין מיט אייך. ווער וויינט דאָס, האַ, האַנס?

**האַנס:**

וואָס? (ער שפּאַרט-אונטער ביידע הענט אונטער דער גאָמבע — און דרעמלט איין)

**מאַקס:**

ער הייסט מיר נישט וויינען. ער וויל נישט, אַז איך זאָל רעדן וועגן מיין קראַנקייט.

**פראַנץ:**

גערעכט האַנס. איצט איז נישט קיין צייט צו רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן.

**ערנסט:**

פאַרוואָס-זשע נישט רעדן וועגן אַן אַרבעטערס קראַנקייט? אונזער גאַנץ לעבן איז אויסגעפילט מיט בלויז ווייטיק.

**געאָרג:**

רעדן דאַרף מען און מען קאָן. עס איז אָבער פיל געזונטער, אַז מען פילט נישט אויס אַ לעבן מיט בלויז איינטאָניקייט.

**פראַנץ:**

גערעכט, געאָרג. בראַוואָ!

**געאָרג:**

צום באַדויערן אָבער איז אונזער גאַנץ לעבן איין גרויסע



אייטערדיקע ווונד, און ווי מען זאָל זיך נישט וועלן צו-רירן צום אַרבעטער-לעבן, איז עס כּמעט שטענדיק בלויז ווייטיק.

**בּרונאָ:**

און מענטשן רעאַגירן אַלערערשט אויף ווייטיק, און ווער שמועסט נאָך, אויב עס טוט שטאַרק וויי, דעמאָלסט גייט דעם ליידענדן קיין זאַך, אויסער זיין ווייטיק, נישט אָן.

**פראַנץ:**

הייסט עס, אַז אַזוי לאַנג ווי עס דויערט אַ שטרייק, דאַרף מען נאָר וועגן דעם רעדן?

**קאָנראַד:**

יאָ. אין דער צייט פון אַ שטרייק איז דאָס אונזער פיל-באַרסטע ווונד.

**אויגוסט:**

מיר האָבן זיך היינט שוין גענוג אָנגערעדט וועגן שטרייק.

**פראַנץ:**

און איצט, ווי זעט איר אויס מיט אייער שטרייק?

**בּרונאָ:**

מיר זעען שטענדיק גוט אויס, פראַנץ. דו ווייסט דאָך, אַז אונזער גרובן איז אַמבעסטן אָרגאַניזירט.

**פראַנץ:**

אַז איר האַלט זיך שטענדיק איינס, דאָס ווייס איך. טרינקט, פריינט. (אַלע טרינקען) אָבער איך פרעג אייך: מיט עטלעכע חדשים צוריק אַ שטרייק, וועלכער האָט געדויערט וואָכנלאַנג, און איצט ווידער דאָסזעלבע?

**ערנסט:**

זאָרג נישט, פראַנץ, פאַר אונזערטוועגן. דו וועסט פריי גראָ-ווערן. דאָס בייכל וועט דיר נאָך קלענער-ווערן. (אַלע שמייכלען)

**מאַקס:**

איך שטאַרב שוין באַלד פאַר הונגער. קיין שטיצע זעט מען נישט אָן.

ברונאָ:

קלאָג נישט, דו ווייכלייביקער. דו ביזט דערזעלבער יחסן ווי מיר, און מיר ווי דו.

האַנס:

(פון שלאָף)

שנאַפּס, ווייבער, נישט אַרבעטן — אַ גוטער ברודער, פראַנץ. איך וועל דיר העלפן. (פראַנץ דערשרעקט זיך)

פראַנץ:

(מיט אַ געמאַכטן שמייכל)

וואָס ביי אַ ניכטערן אויף דער לונג, איז ביי אַ שיכּורן אויף דער צונג. נאָר ווייבער און שנאַפּס ליגן אים אין זינען.

געאָרג:

געוואָרן פון אים אַ לייט. זאָל זיך נאָר דער שטרייק פאַרענדיקן, וועלן מיר מוזן ערנסט וועגן האַנסן אַ קלער-טון.

ברונאָ:

נישט נאָר וועגן האַנסן, נאָר אויך וועגן מאַרין. מיר מוזן די מענטשן צוריק מאַכן פאַר לייט. עס איז אַ חרפּה פאַר אונז, אַז צוויי אונז נאָענטע מענטשן זאָלן אַזוי מיאוס אומקומען.

קאָנראַד:

עס איז אַ חרפּה, זאָגסטו? אונזערע אייגענע העלפן דאָך צו, צו דעם פאַלן פון די מענטשן. דער אַלטער אויגוסט שלעפּט זיך אַרום מיט מאַרין, און פראַנץ גיט האַנסן שנאַפּס אָן אַ שיעור.

אויגוסט:

מיט וועמען שלעפּט זיך מאַרי נישט אַרום? עס לוינט זיך וועגן דעם צו רעדן.

געאָרג:

אַנטשולדיק, פאָטער, עס לוינט זיך יאָ צו רעדן.



פראַנץ:

זאָל איך נאָר פּרוּוון האַנסן נישט געבן קיין שנאַפּס, צעברעכט ער מיר אַלץ, וואָס עס געפינט זיך נאָר אין שענק. ווער האָט כּוח מיט אַזאַ העלד אָנצוהייבן?

ברונאָ:

שוין, פראַנץ, האָסט שוין מער קיין כּוח נישט? נעבעך, דו אַרבעטסט לעצטנס זייער שווער.

האַנס:

(פון שלאָף)

העדוויג, דיך מאַך איך פאַר די אויבערקעלנערקע. אָך, ווען איך קריג דיך אין מיינע הענט אַריין. (אַלע קוקן זיך איבער) פראַנץ, דו זאָגסט, אַז איך וועל מער נישט דאַרפן אַרבעטן? (פראַנץ ווערט נערוועז) — פראַנץ! איך העלף דיר.

פראַנץ:

(צעטומלט)

וואָס דער שיכּור פּלאַפּלט אַלץ פון שלאָף. ווער ווייסט, וואָס אים חלומט זיך.

געאָרג:

ער איז קראַנק, שווער קראַנק.

פראַנץ:

טרינקט פריינט. פאַר אונזער זאַך! (אַלע טרינקען)

האַנס:

(פון שלאָף)

העדוויג, ליבע העדוויג — אָט אַזוי. נעם מיך אַרום, קוש מיך פעסטער. געדענקסט אַנומלט ווען מיר זענען צוזאַמען געווען? (אַלע קוקן זיך איבער. — געאָרג ווערט נערוועז) דאָס איז גוט געווען פאַרברענגט. (געאָרג שטייט-אויף.—זעצט זיך צוריק) הצדוויג, קוש מיך, נאָך פעסטער נעם מיך אַרום.

פראַנץ:

אפשר אים אויפוועקן? (שטייט-אויף נערוועז)

געאָרג:

(מיט אַ ציטערנדיקער שטים)

ניין! לאָז אים רעדן. אפשר הערציילט ער דעם אמת.

זוילי:

גלויב אים נישט, געאָרג. דאָס מאַכט אַלץ דער שנאַפּס.

ברונאָ:

געאָרג האָט רעכט, לאָמיר הערן, וואָס ער וועט אונז נאָך אַלץ דערציילן.

פראַנץ:

(אויפגערעגט)

בעסער אים אויפוועקן. (גייט-צו צום האַנסן)

געאָרג:

(אויפגערעגט)

וועק אים נישט אויף! דו הערסט, פראַנץ?!

פראַנץ:

(נערוועז)

אפשר דאָך?

קאַרל:

מען זאָגט דיר דאָך עפּעס, פראַנץ! זעץ זיך אַוועק.

(פראַנץ זעצט זיך)

ערנסט:

מיט אַזעלכע קעמפער, ווי לעצטנס האַנס, קאָן מען ווייט נישט אַוועק.

קאָנראַד:

וואָס ווילסטו, ערנסט? ער שטרייקט דאָך ווי מיר אַלע.

ערנסט:

שטרייקן, שטרייקט ער — אָבער ער וויל לעצטנס אי־בערהויפּט נישט אַרבעטן, דערפאַר איז אים טאַקע אַלץ איינס, ווי לאַנג דער שטרייק דויערט.

פראַנץ:

(פאַרזיכטיק)

און ווי לאַנג וועט נאָך דער שטרייק דויערן?



געאָרג:

אַזוי לאַנג, ביז מיר וועלן אָנהייבן אַרבעטן. (אַלע שמייכלען)

פראַנץ:

אַזוי קלוג בין איך אויך. (זיי באַליידיקט) אַז אַ פריינט פרעגט עפּעס, דאַרף מען אים ערלעך ענטפערן.

געאָרג:

(שמייכלענדיק)

זיי מוחל, פראַנץ, באַליידיקן האָב איך דיך נישט גע־וואָלט, אָבער דערציילן דיר גענוי וועגן אונזערע שטרייק־ענינים פאַלט מיר גאָרנישט איין.

מאַקס:

אָבער הונגערן וואָכנלאַנג איז גאָרנישט אַזוי לייכט, און דערצו נאָך פאַר אַזאַ קראַנקן ווי איך בין.

קאַרל:

(אויפגערעגט)

אַלע הונגערן מיר גלייך! קראַנקע צווישן קוילנגרעבער איז פאַראַן מער ווי געזונטע. דו ביזט נישט איין־און־איינציק.

ברונאָ:

שריי נישט אויף אים, קאַרל. דו זעסט דאָך, אַז פאַר בלויז שרעק האָט ער זיך פאַרבאַהאַלטן, אויף דער צייט פון שטרייק, צו פראַנצן הינטערן פאַרטוך.

פראַנץ:

(דערשראָקן)

הינטער מיין פאַרטוך?

קאָנראַד:

עס הייסט נאָר אַזוי, פראַנץ. עפּעס שפּילסטו מיר היינט צו־פיל אַ באַליידיקטן.

פראַנץ:

איך?

**ווילי:**

יאָ, דו. ווער דען, איך? עפּעס איז דער היינטיקער יום-טוב דיינער נישט מיט אַלעם.

**פראַנץ:**

דו לאַכסט, ווילי. — טרינקט, פריינט — פאַר אונזער געזונט! (אַלע טרינקען)

**אויגוסט:**

אַזאַ ביסל קאָניאַק מאַכט טאַקע יינגער. שוין לאַנג אַזאַ פאַרגעניגן נישט געהאַט. איצט, נאָך עטלעכע ווייבער אַהערברענגען און אַביסל מוזיק. — פראַנץ, רוף די ווייבער.

**געאָרג:**

אייל זיך נישט, פראַנץ. דער פאָטער מיינער וועט זיך היינט מוזן באַגיין אָן ווייבער, און אויב עס געפעלט אים נישט, זאָל ער זיך אַהיימשפּאַצירן.

**אויגוסט:**

אומעטום מישט ער זיך אַריין. איך אייך שטער נישט. האַנס שלעפּט זיך אַרום מיט אַלע ערגסטע ווייבער און מיך אַרט עס נישט, טראָך דעם, וואָס ער האָט מיין טאָכטער פאַר אַ ווייב. ווילי שלעפּט זיך אַרום מיט גרעטען און זיי האָבן נישט חתונה, אַרט עס מיך אויך נישט, טראָך דעם, וואָס ער איז מיין זון, און ווי איך הער איצט, געאָרג, שלעפּט זיך דיין העדוויג אַרום מיט האַנסן.

**געאָרג:**

(שרייט)

שווייג! שווייג, זאָג איך דיר!

**אויגוסט:**

אַן אומגליק מיט די מענטשן. שטענדיק שטערן זיי דיר דאָס לעבן. פאַרדינט מען נאָך אַ פּאָר גראָשן, קאָן איך מיר עפּעס דערלויבן, אָבער איצט, צוליבן שטרייק, ווען מען איז אָן אַ גראָשן אין קעשענע.



**פראַנץ:**

(שלאָגט אים איבער די רייד)

קריגט איר טאַקע נישט מער אויסגעצאָלט קיין שטרייק-שטיצע?

**אויגוסט:**

ניין.

**פראַנץ:**

טאָ פאַרוואָס פאַרענדיקט איר נישט דעם שטרייק? איר וועט דאָך אַלע אויסגיין פאַר הונגער.

**געאָרג:**

פראַנץ, מיש זיך נישט אין פרעמדע ענינים. דיר גייט דיך אינגאַנצן נישט אָן.

**האַנס:**

(פון שלאָף)

מאַרי, דו וועסט ביי מיר אויך אַרבעטן. אַלע וועלן אַרבעטן, נאָר איך נישט. — העדוויג, דו גאָלדן ווייבעלע, שפּאַציר אַרום נאַקעט, אָט אַזוי, שפּאַציר אַרום. (געאָרג שטעלט זיך אויף)

**קאָנראַד:**

אפשר אַריינטראָגן אים אין צווייטן צימער? ער רעדט דאָך אָן אַ שיעור געמיינקייטן און נאָר דערפאַר, ווייל ער איז שיכור.

**געאָרג:**

(שאַרף)

ניין, מען דאַרף נישט! ער בלייבט דאָ!

**האַנס:**

(פון שלאָף)

אַלץ פאַר דער דירעקציע. (פראַנץ ציטערט-אויף) אַלץ פאַר דער דירעקציע און דערנאָך ווייבער, שנאַפּס.

**פראַנץ:**

געאָרג, לאָז אים דאָך אַרויספירן פון דאַנען.

געאָרג:
(גאַר שאַרף)
ער בלײַבט דאָ!
פראַנץ:
(אויפגערעגט)
טרינקט, פרײַנט — פאַר אונזער געזונט!
געאָרג:
איך האָב גענוג אויף הײַנט.
האַנס:
(פון שלאָף)
אַלץ פאַר דער דירעקציע. — העדוויג, מאַרי, גרעטע — אַפילו הילדע, די נאַרישע ווײַנערקע.
ברונאָ:
וואָס רעדט ער וועגן דער דירעקציע? עפּעס אַלץ פאַר דער דירעקציע.
פראַנץ:
(דערשראָקן)
וואָס אַ שיכּור קאָן צַלץ אײַנפאַלן.
האַנס:
(פון שלאָף)
הילדען וועל איך פון שטוב אַרויסטרײַבן, איך האָב זי שוין גענוג. — מאַרי — גיי שלעפּערקע! — העדוויג, אָט אַזוי, נעם מיך צַרום, נאָך פעסטער — געאָרג וועט נישט וויסן. זײַ רויִק, העדוויג.
(געאָרג שפּאַצירט נערוועז איבערן צימער)
ברונאָ:
וואָס איז מיט אים? צי איז ער אַזוי שיכּור?
האַנס:
(פון שלאָף)
פראַנץ, פרײַנט. (זראַנץ ציטערט-אויף) איך וועל דיר העלפן דינען דער דירעקציע.
(אַלע שפּרינגען-אויף פון די ערטער. אויסער אויגוסטן און מאַקסן)



פראַנץ:
(נערוועז)
וואָס רעדט ער — מען מוז אים אויפוועקן!
ברונאָ:
ניין! זאָל ער איצט רעדן.
פראַנץ:
(נערוועז)
מען מוז אים אויפוועקן! (באַמיט זיך צו שמייכלען) פרײַנט, ער שטערט דאָך אונז אַלעמען אונזער יום-טוב.
געאָרג:
עס מאַכט נישט אויס, דער יום-טוב איז סײַ-ווי-סײַ געשטערט.
ווילי:
אָבער וואָס מישט ער אַרײַן די דירעקציע?
מאַקס:
ער האָט געהערט פריער דערציילן, רעדט ער נאָך.
קאַרל:
שווייג! דו קראַנקע וואַנץ — מיר פרעגן דיך נישט.
האַנס:
(פון שלאָף)
אַלץ וועל איך טון פאַר דער דירעקציע. זײַ רויִק, פראַנץ, איך וועל דיר שוין העלפן. (אַלע קוקן זיך איבער. — קוקן-אָן פראַנצן) העדוויג, גאָלדן-ווײַבעלע מײַנס. — אַוועק, מאַרי, דו שלעפּערקע.
פראַנץ:
(נערוועז)
מאַקס! וועק אים אויף! — דו זיצסט דאָך נעבן אים.
מאַקס:
(דערשראָקן)
איך וועק אים, איך וועק אים. (טרייסלט האַנסן)

**געאָרג:**

(ווי ער האַלט פֿאַרשטאַנען)

ניין! וועק נישט! שפּרינגט-צו, כאַפּט-אָן מאַקסן און שטופּט אים אַוועק) ער מוז רעדן! — ער מוז דערציילן!

**פראַנץ:**

געאָרג, וועק אים אויף, איך בעט דיך. (ווײַל אַרויסגיין)

**געאָרג:**

(שרײַט)

פראַנץ! דו בלײַבסט דאָ!

**פראַנץ:**

(נערוועז)

גוט, איך בלײַב דאָ. (שאַרט זיך פּאַמעלעך צו דער טיר. — גרויגע און קאַרל זענען נעבן אים)

**האַנס:**

(פֿון שלאָף)

יאָ, פראַנץ, איך וועל זיי אַהעררופֿן. איך וועל זיי זאָגן אַז דו ווילסט מאַכן אַ ביבקע — גוט, מיר וועלן דינען דער דירעקציע — פֿאַר ווײַבער, שנאַפּס. (אַלע קוקן-אָן פראַנצן. — פראַנץ לייגט-אַרײַן די רעכטע האַנט אין הויזן-טאַש) שווײַג, הילדע! שווײַג, זאָג איך דיר! — דו אַלטע פּראָסטיטוטקע!

**ווילי:**

(אויפגערעגט, שפּרינגט-צו צו האַנסן און גיט אים אַ שטאַרקן קלאַפּ איבערן קאָפּ)

נאַ! האָסטו דיר!

**האַנס:**

(וועקט זיך, פּרוּווט זיך אויפשטעלן)

האַ! — וואָס איז?

**געאָרג:**

וואָס ווילסטו טון פֿאַר דער דירעקציע? זאָג!



**האַנס:**

(צעטומלט)

איך? — פֿאַר דער דירעקציע. (וואַקלט-זיך)

**געאָרג:**

זאָג! מען פֿרעגט דיך, וואָס האָסטו צוגעזאָגט פראַנצן צו העלפֿן טון פֿאַר דער דירעקציע? דערצייל, האַנס!

**האַנס:**

(קוקט זיך אַרום צעמישט. — ווערט ווי ניכטער. — פֿאַרשטייט עפּעס. — שטאַמלט)

פראַנץ האָט מיך צוגערעדט.

**געאָרג:**

צו וואָס האָט ער דיך צוגערעדט?

**האַנס:**

(דערזעט פראַנצן בײַ דער טיר. — ווערט אינגאַנצן ניכטער)

אָט, דער איז שולדיק. (ווײַזט אויף פראַנצן) אָט ער! ער דינט דער דירעקציע! (אַלע וווילן צו צו פראַנצן)

**פראַנץ:**

(אַרויסכאַפּנדיק פֿון טאַש אַ בראַונינג)

שטייט! איך וועל שיסן! ער ווייסט נישט, וואָס ער רעדט, ער איז שיכּור!

**האַנס:**

אַ ליגן! איך ווייס, וואָס איך רעד — פראַנץ דינט דער דירעקציע!

**געאָרג:**

מיר וועלן דיך פֿאַרטיק מאַכן, פראַנץ!

**פראַנץ:**

איך וועל שיסן!

**ווילי:**

חברים! אַלע אויף אים! אַלע! (כאַפּט אַ טאַבורעט און וואַרפֿט פראַנצן. — פראַנץ שיסט-אויס. עס הערט זיך אַ געשריי — עס ווערט פֿינצטער. — אַ געלויף. — מען הערט נאָך אַ שאָס, אָבער פֿון ווײַטנס)

*פֿאָרהאַנג*

# דריטער אַקט

## בילד 5

דאָסזעלבע צימער ווי אין ערשטן בילד פֿון צווייטן אַקט.
אַנוועזנד: מילער און שרעדער.

**מילער:**
(מיט כּעס)
מיר האָבן ווידעראַמאָל געמוזט איינגיין אויף די באַדינגונגען, וואָס דער שטרייק-קאָמיטעט האָט אונז דיקטירט — אויב מיר ווילן, אַז אונזער גרובן זאָל ווי געהעריק פּראָספּערירן, קאָן עס אַזוי ווייטער נישט בלייבן.

**שרעדער:**
(אויסברעכנס)
די... ברידער פֿון שטרייק-קאָמיטעט שטעלן זיך פֿאַר קיין שום זאַך נישט אָפּ. זיי וועלן אונז... רויִנירן. אין אַנדערע גרובנס אַרבעטן די אַרבעטער אויף פֿיל ערגערע באַדינגונגען, ווי ביי אונז — און יענע דירעקציעס באַווייזן שוין צוליב דעם אויסצוקאָנקורירן אונזערע פּראָדוקציע-אָפּנעמער. (שאַרף) דער שטרייט צווישן אונז און די אַרבעטער איז אַ קאַמף פֿאַר אונזער עקזיסטענץ און דעריבער זענען אַלע קאַמפּס-מיטלען כּשר. (מען קלאַפּט אין טיר)

**מילער:**
ביטע.

**אָבער-אינזשיניער:**
(אַרײַנקומענדיק. באַגריסט זיך מיט די דירעקטאָרן. — זעצט זיך)
איך בין נאָר-וואָס געקומען צופֿאָרן. דער אינזשיניער ברין האָט מיר איבערגעגעבן וועגן די אַרבעטן, וואָס איר, הערן דירעקטאָרן, האָט פֿאַראָרדנט. — איך וויל דעריבער די זאַך אויפֿקלערן.



**מילער:**
ביטע זייער.

**אָבער-אינזשיניער:**
(צו מילער:)
ווען איר, הער דירעקטאָר, האָט מיך אַנומלטן געפֿרעגט וועגן די אַלטע גרובן-גענג און שאַכטן, האָב איך אייך געזאָגט, אַז ביי זייער איצטיקן צושטאַנד טאָר מען דאָרטן אין קיין פֿאַל קיין שום אַרבעטן נישט פֿירן. — איך האָב אייך אויסדריקלעך אויפֿמערקזאַם-געמאַכט אויף דער גאַז-געפֿאַר, וואָס איז דאָרטן פֿאַראַן. — איך האָב נאָך אונטערגעשטראָכן, אַז די ווענטילאַציע-עפֿענונגען דאַרפֿן פֿאַרגרעסערט- און פֿאַרמערט-ווערן, און דער צוגאַנג צו די שאַכטן מוז אינגאַנצן פֿאַרמאַכט-זיין. — דאָס וועט אונז געבן אַ געוויסע גאַראַנטיע, אַז אונז דראָט נישט די נאָענטסטע צייט קיין קאַטאַסטראָפֿע. לויט דעם אָבער, ווי אינזשיניער ברין האָט מיר איבערגעגעבן, האָט איר פֿאַראָרדנט פּונקט דעם היפּוך. — צי האָט איר, הער דירעקטאָר, מיך דעמאָלסט שלעכט פֿאַרשטאַנען?

**מילער:**
איך האָב אייך, הער אָבער-אינזשיניער, גוט פֿאַרשטאַנען, אָבער אין אונזער לעצטן אָפּמאַך מיט די אַרבעטער איז פֿאַרהאַן אַ פּונקט, אַז די אויסבעסערונגען אין שאַכט ווערן געמאַכט לויט די אָנווייזונגען פֿון דעם שטרייק-קאָמיטעט, און אַזוי ווי זיי ווייזן-אָן אויף דער דראָענדיקער געפֿאַר אין די אַלטע שאַכטן, האָבן מיר באַשלאָסן די ערשטע אויספֿאָרשונגס-אַרבעטן פֿאַר די אויסבעסערונגען דאָרט טאַקע אָנצוהייבן.

**אָבער-אינזשיניער:**
דער שטרייק-קאָמיטעט ווייסט אומגעפֿער וואָס פֿאַראַ אויסבעסערונגס-אַרבעטן עס דאַרפֿן אין אונזער גרובן געמאַכט ווערן — אָבער די פֿאַכמענישע אַדורכפֿירונג פֿון דער

אַרבעט געהערט דער טעכנישער אָנפירונגס-קערפּערשאַפט
פון גרופּן.

שרעדער:

וואָסווילט איר דערמיט זאָגן?

אָבער-אינזשיניער:

אַז די פאַראָרדענונג, וועלכע איר, הערן דירעקטאָר, האָט אַרויסגעגעבן אָן מיין וויסן, קאָן יעדע מינוט דערפירן צו אַ קאַטאַסטראָפע. (מילער און שרעדער קוקן זיך באַדייטונגס-פול איבער. — אויפגערעגט) און אַז דער שטרייק-קאָמיטעט האָט נאָך נישט די דעה איבער אונזער גרופּן. — זאָלן די הערן פון שטרייק-קאָמיטעט אונז צושטעלן שריפט-לעך זייערע פאָרשלאָגן וועגן די אויסבעסערונגס-אַרבעטן, מיר וועלן די זאַך גענוי באַטראַכטן און נאָך אַ פאַר-שטענדיקונג מיט זיי באַשליסן, וועלכע אַרבעטן גלייך אָנ-צוהייבן.

שרעדער:

און דער אויספיר?

אָבער-אינזשיניער:

די 16 אַרבעטער, וואָס אַרבעטן זייט נעכטן אין די אַלטע שאַכטן, מוזן גלייך צוריקגעצויגן ווערן, ווייל זיי דראָט די געפאַר יעדע מינוט אומצוקומען. (מילער און שרע-דער קוקן זיך באַדייטונגספול איבער) אַזוי ווי די פאַראָרדע-נונג אויף אָנהייבן די אַרבעטן האָט איר, הער דירעקטאָר מילער, אַרויסגעגעבן, אין דער צייט פון מיין אָפּוועזנ-הייט, בעט איך זי גלייך צוריקציען. (קלערט א ווײַלע) יאָ, פאַרוואָס אַרבעט עפּעס דער גאַנצער שטרייק-קאָמיטעט צוזאַמען? (קוקט פאַרדעכטיק אָן די דירעקטאָרן)

מילער:

(געלאַסן)

בכדי אויסצומיידן צו-אָפטע קאָנפליקטן, האָבן מיר, אין הסכם מיט אונזער לעצטן אָפּמאַך, געגעבן די הערן



פון שטרייק-קאָמיטעט די מעגלעכקייט אַליין מיטצואַרבעטן ביי אַלע אויסבעסערונגס-ענדערונגען אין גרופּן.

אָבער-אינזשיניער:

צי באַקום איך שוין איצט די פאַראָרדענונג, גלייך אָפּ-צושטעלן די אַרבעטן אין די אַלטע שאַכטן?

שרעדער:

ניין. מיר מוזן זיך צוערשט פאַרשטענדיקן מיטן שטרייק-קאָמיטעט און באַקומען דערויף זיין הסכם.

אָבער-אינזשיניער:

אָבער די אַרבעטער פון שטרייק-קאָמיטעט פאַרשטייען דאָך נישט די געפאַר, וואָס עס דראָט זיי. אונזער חוב איז דאָך זיי דאָס באַלד אויפצוקלערן.

מילער:

מיר וועלן זיך באַמיען אייך אַנטקעגנצוקומען.

אָבער-אינזשיניער:

(שטייט-אויף)

איך, הערן דירעקטאָרן, האָב דאָס מייניקע געטאָן — איך האָב געוואָרנט. (קוקט פאַרדעכטיק אויף די דירעקטאָרן)

מילער:

מיר וועלן זיך צואיילן.

אָבער-אינזשיניער:

איך בעט מיר צוצושיקן אייער באַשלוס ווי ווייט מעג-לעך שנעלער. (אָפּ)

מילער:

ביז מיר וועלן זיך אויף אַ זיצונג פאַרשטענדיקן מיטן שטרייק-קאָמיטעט און אים איבערגעבן דאָס, וואָס דער אָבער-אינזשיניער האָט געזאָגט, וועט זיכער דויערן אַ 2 טעג.

שרעדער:

יאָ, עס וועט זיכער אַזוי לאַנג דויערן. (ביידע דירעקטאָרן קוקן זיך באַדייטונגספול איבער).

פ אָ ר ה אַ נ ג

# בילד 6

(אַ געמויערטער פאַרקאַן מיט אַ גרויס שטאַכעטן-טויער, וואָס פירט צו די ביורא-געביידעס פון גרובן. — לינקס איבערן פאַרקאַן זעט מען קוימענס און דעם הינדער-טורעם. די אַקציע קומט-פאָר 3 וואָכן נאָכן סקאַנדאַל ביי פראַנצן אין שענק. פאַרן אויפהויבן דעם פאָרהאַנג הערט מען עטלעכע נישט-שטאַרקע אויפרייסן. — אויף דער בינע מאַרי מיט אַן אַלטן שיכורן קוילנגרעבער, וואָל-כער קאָן נישט שטיין אויף די פיס.)

מאַרי:
ווי לאַנג נאָך וועל איך דיך, אַלטע נבלה, מוזן שלעפן?

דער אַלטער:
האַ?

מאַרי:
איך וואַרף דיך דאָ אַוועק, ווי אַ פגר, — דו חזיר איי-נער — טפו זאָלסטו מיר ווערן! (זי לאָזט אים אָפּ. ער פאַלט. זי הויבט אים ווידער אויף)

דער אַלטער:
(זינגט)
באַ! באַ!

מאַרי:
שווייג! (קוקט זיך אַרום) וווּ זענען מיר דאָס?

דער אַלטער:
(זינגט ווייטער)
מאַרי! מאַ! —

מאַרי:
(לאָזט אים פאַלן נעבן דער וואַנט)
ליג, נבלה — טפו, דו חזיר איינער!
(עס עפנט זיך דאָס טויער, פראַנץ גייט שנעל אַרויס. — דאָס טויער הערט פאַרשלאָסן)

מאַרי:
(קוקט-נאָך פראַנצן)
דאַכט זיך, פראַנץ? (שרייט) פראַנץ! פראַנץ!



דער אַלטער:
(זינגט שטילער)
אַ! באַ—באַ — (ציט זיך אויס און הערט אַנטשלאָפן)

מאַרי:
(קוקט זיך אַרום)
איז דאָס די דירעקציע? (עס דערהערט זיך אַ שטאַרקער אויפרייס:) זיי רייסן שוין ווידער אויף אין שאַכט.
(מען הערט אַ לויפעריי — מענטשן רופן עפּעס הויך. — אינעווייניק פאַרביי דעם טויער, לויפן קוילנגרעבער. — עס ווערט שטיל. — אַ פרוי קומט-אָן פון לינקס, גייט-פאַרביי דעם שיכור און באַמיט זיך צו זען זיין געזיכט. — גרעטע באַווייזט זיך פון יענער זייט טויער)

גרעטע:
(שרייט)
מאַרי! מאַרי!

מאַרי:
שווייג, זאָג איך דיר!

גרעטע:
פרוי אַלבערט! (די פרוי גייט-צו צום טויער) איך בעט אייך, לויפט שנעל צו העדוויגן, געאָרגס פרוי, און זאָגט איר, אַז זי זאָל גלייך אַהערקומען. רופט אויך הילדען.

מאַרי:
(דערזעט גרעטען)
גרעטע, קום נאָר.
(פרוי אַלבערט קוקט-אָן מאַרין. — אָפּ)

גרעטע:
(אויפגערעגט)
אַוועק פונדאַנען! (קלערט) מאַרי, דו האָסט געהערט די אויפרייסן? אין גרובן איז אַן אומגליק געשען.

מאַרי:
ווו איז האַנס?

גרעטע:
אונטן אין גרובן, ווו עס איז איצט פאָרגעקומען דער-

אויפּרייס. — לויף, רוף הילדען, העדוויגן — לויף, מאַרי!

מאַרי:

ווו איז האַנס? ווו אַן אויפּרייס? (היל עפענען דאָס טויער)
לאָז מיך אַריין, גרעטע!

גרעטע:

דאָס טויער איז געשלאָסן. — מאַרי לויף, רוף זיי, — אונ-
זערע זענען דאָך איצט אין שאַכט.

מאַרי:

(ווי זי וואָלט עפּעס פאַרשטאַנען. — שרייט)
גרעטע, לאָז מיך אַריין! ווו איז האַנס?

גרעטע:

אין שאַכט איז ער. איך קאָן דיך נישט אַריינלאָזן, ווייל
דאָס טויער איז געשלאָסן.

מאַרי:

(בייז)
טפו, זאָלן זיי ווערן, די חזירים! (דערמאָנט זיך) ווו אַן
אויפּרייס?

גרעטע:

מאַרי! גיי דאָך רופן הילדען און העדוויגן.

מאַרי:

(בייז)
ניין! ווו איז האַנס?

הילדע:

(אַריינלויפנדיק)
וואָס איז געשען?
(העדוויג, דערנאָך עממע, קומען צולויפן)

גרעטע:

שוין עטלעכע מאָל, ווי עס זענען פאָרגעקומען קלענערע
אויפּרייסן. ביי דער ווינדע האָט מען מיר געזאָגט, אַז
דאָס איז דאָרט, ווו אונזערע אַרבעטן — גענוי ווייסן זיי
נאָך נישט.



העדוויג:

מיר מוזן זיך אַריינקריגן, וועלן מיר אַלץ וויסן. מאַך-אויף
דאָס טויער, גרעטע.

גרעטע:

דאָס טויער איז פאַרשלאָסן.

העדוויג:

טאָ לויף שנעל, גרעטע, און פרעג זיך נאָך און קום גלייך
מיט אַן ענטפער.

עממע:

(אַ ציטערנדיקע)
מיין מאַן! מיינע קינדער! (גרעטע אָב)

הילדע:

(אויפגערעגט)
מיין האַנס, מיין טאַטע, מיינע ברידער.

העדוויג:

באַרויקט אייך, מען ווייסט דאָך נאָך גאָרנישט. אפשר
איז נישט קיין שרעקלעכס געשען.

עממע:

אוי, מיין האַרץ זאָגט מיר נישט קיין גוטס פאָר.

מאַרי:

(צו הילדען)
דו מיינסט, אַז מען ווייסט נישט, וואָס האַנס האָט דער-
ציילט ביי פראַנצן אין שענק?!

הילדע:

(שרייט)
אַוועק, שלעפּערקע! אַלץ וואָס האַנס האָט דעמאָלסט גע-
זאָגט, איז ליגן!

עממע:

וואָס וויל זי נאָך פון אונז האָבן?

העדוויג:

לאָזט זי צורו. זי איז דאָך קראַנק. איר קאָפּ אַרבעט שוין
כמעט נישט. איך בעט אייך, לאָזט איר לויפן.

הילדע:

אָבער וואָס דויערט אַזוי לאַנג?

העדוויג:

נישט אַזוי שנעל קאָן מען דאָס גענוי וויסן, ווי און וואָס עס איז געשען. נאָר נישט טראַכטן קיין שלעכטס — עס וועט אַלץ גוט זיין.

מאַרי:

אַזוי! נישט קיין שלעכטס. — און האַנס? ווו איז האַנס? (צו העדוויגן) דו ווייסט דאָך, דו ביזט דאָך זיין געליבטע ווייבעלע.

העדוויג:

מאַרי, זעץ דיך אַוועק. מיר גייען באַלד אַהיים, וועלן מיר דיך מיטנעמען — דו וועסט ביי אונז אַביסל רוען און עפּעס עסן. (מאַרי לאַכט. — מיט כּעס) שווייג, מאַרי!

מאַרי:

(בייז)

איך שפּיי אויף דיר! — טפו! — איך בלייב דאָ ביז האַנס וועט אַרויסקומען.

גרעטע:

(אַנלויפנדיק)

מען ווייסט נאָך נישט גענוי, וואָס עס איז געשען. — צוויי רעטונגס-בריגאַדעס זענען אַראָפּגעפאָרן. עס איז אָבער זיכער דאָרט, ווו אונזערע אַרבעטן.

העדוויג:

(אויפגערעגט)

אַזאַ צופאַל. זייט 2 טעג אַרבעטן כּמעט אַלע אונזערע צוזאַמען.

הילדע:

וואָס, מען האָט דיר געזאָגט, גרעטע?

גרעטע:

מען ווייסט נאָך נישט גענוי וואָס און ווען. אונזערע זענען ערגעץ באַזונדער גאַנץ ווייט אין גרובן.



העדוויג:

פון וואַנען ווייסטו דאָס?

גרעטע:

ווילי האָט עס מיר געזאָגט.

העדוויג:

(אויפגערעגט)

עס וווּנדערט מיך, אַז געאָרג האָט מיר וועגן דעם גאָר נישט דערציילט. נאָך דעם פאַל ביי פראַנצן, קוקט די דירעקציע אויפן שטרייק-קאָמיטעט זייער שלעכט. — דאָס וואָס די דירעקציע האָט פאַרשפּילט דעם שטרייק, פאַרדריסט זי ביז גאָר.

עממע:

ווער האָט זיך געזאָלט ריכטן, אַז פראַנץ איז אַן אַגענט ביי דער דירעקציע. אַזויפיל יאָר האָט דער אויסוווּרף געשפּילט די ראָל פון אַ גוטן פריינט פון די קוילן-גרעבער.

הילדע:

האַנס געהערט דאָך נישט צום שטרייק-קאָמיטעט, איז ער זיכער נישט דאָרט, ווו דער אויפרייס איז פאָרגעקומען.

העדוויג:

שעם דיך, הילדע. נאָר האַנס ליגט דיר אין קאָפּ. דיין פאָטער, דיינע ברידער, און אַזויפיל אַרבעטער זענען אונטן, און דאָס גייט דיך גאָרנישט אָן.

הילדע:

(זי געכאַפּט ביי דער האַנט)

ניין, נישט נאָר האַנס. איך קלער וועגן זיי אַלעמען, נאָר מיר האָבן פונקט גערעדט וועגן האַנסן.

מאַרי:

וואָס האַנס? האַנס האָט פראַנצן געוואָלט דערהרגענען. — פראַנץ האָט האַנסן געוואָלט דערשיסן. — וואָס האַנס? — צַלע נאָר האַנס.

הילדע:

(בייז)

דו וועסט ביי מיר באַלד דערלעבן עפּעס אַזעלכעס —

העדוויג:

(שלאָגט איר איבער)

לאָז זי צורו. — מאַרי, זעץ דיך אַוועק, זאָג איך דיר! מיר גייען באַלד אַהיים. — גרעטע, מען דאַרף געווויר-ווערן, צי ווייסן זיי שוין דאָרט עפּעס.

גרעטע:

אַז איך וועל נאָר זען די ווינדע אַרויפקומען, וועל איך צולויפן געוויר-ווערן.

מאַרי:

פראַנץ איז דאָ געוועזן.

עממע:

ער שפּייט איצט מיט פייער אויף אונזערע.

העדוויג:

זיי האָבן אים ריכטיק צורעכט-געמאַכט. די גאַנצע שענק האָבן זיי דעמאָלירט, אַלע בראָנפנס אויסגעגאָסן. האַנס האָט אַפילו געפּרוווט אונטערצינדן. (מיט א שמייכל) דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט עטלעכע טעג שפּעטער ווייטער ביי פראַנצן צו שיכורן.

עממע:

האַנס איז, נעבעך, אַראָפּ פון גלייכן וועג.

גרעטע:

מיין אָרימער ברודער, וואָס מיט אים האָט געקאָנט גע-שען ווייסט קיינער נישט. ער האָט געמוזט האָבן אַ שטאַרקע איבערלעבונג אויף דער מלחמה.

העדוויג:

דאָס האָט דאָרט נישט געפעלט. עס איז זיך נאָר צו וווּנדערן, אַז זיי זענען דאָרטן נישט משוגע-געוואָרן.

גרעטע:

אמת. עפּעס אַ ווילד-געיעג קומט-פאָר.



העדוויג:

עס איז אַ געיעג פאַר אָפּנעמען דאָס, וואָס מען האָט במשך 4 יאָר פאַרלוירן, און אפשר אויך אַ שרעק פאַר דער צוקונפט — זיי האָבן דאָך אַלע מורא פאַר אַ נייער מלחמה. — מען לעזט דאָך יעדן טאָג אין די צייטונגען, אַז אַ געפאַר פון אַ נייער, נאָך שרעקלעכער, מלחמה הענגט איבער אונזערע קעפּ.

גרעטע:

די ווינדע איז דאָ. (אָפּ)

עממע:

מיין האַרץ זאָגט מיר נישט קיין גוטס פאָר.

העדוויג:

מאַכט אייך נאָר נישט קיין שווער האַרץ. רעדט נישט קיין נאַרישקייטן. (א ווייל'ע שטיל)

גרעטע:

(ביים טויער)

די רעטונגס-בריגאַדעס ווילן גאָרנישט זאָגן. עפּעס איז גע-שען, דאָס דערקענט מען אויף זייערע פּנימער.

העדוויג:

זאָג זיי, אַז אַלע אונזערע אַרבעטן דאָרט, און אַז מיר שטייען דאָ פאַרן טויער און ווילן וויסן!

גרעטע:

איך האָב זיי געזאָגט, זיי ענטפערן נישט.

העדוויג:

איך פאַרשטיי — זיי ווילן נישט אַרויסרופן קיין מהומה.

הילדע:

זיי האָבן דיר גאָרנישט געזאָגט?

גרעטע:

(פאַרזיכטיק)

נאָר דאָס, אַז האַנס און מאַקס אַרבעטן היינט צוזאַמען מיט די אונזעריקע.

**הילדע:**

(דערשראָקן)

האַנס אויך?

**גרעטע:**

יאָ.

**מאַרי:**

ווּ איז האַנס?

**גרעטע:**

ביי דער אַרבעט.

**מאַרי:**

(דערשראָקן)

וואָס איז געשען?

**העדוויג:**

פאַרשטייסטו טאַקע נישט, וואָס מיר רעדן?

**מאַרי:**

(בעטנדיק)

העדוויג, טייערע העדוויג, זאָג וואָס איז געשען?

**העדוויג:**

ערגעץ אין גרובן איז פאָרגעקומען אַן אויפרייס! מען ווייסט נישט ווי און וואָס. — די רעטונגס-בריגאַדעס ווילן נישט דערציילן.

**מאַרי:**

(הערט ניכטער)

און איר וואָס שטייט דאָ?

**העדוויג:**

גרעטע האָט נאָך אונז געשיקט. — זי מיינט, אַז דער אויפרייס איז געשען דאָרט, ווּ אונזערע אַרבעטן.

**מאַרי:**

(דערשראָקן)

ניין! רעד נישט אַזוי. — איז האַנס אויך דאָרט?



**הילדע:**

(בייז)

יאָ, ער איז דאָרט. און וואָס גייט ער דיך אָן?

**מאַרי:**

(בעטנדיק)

הילדע, שריי נישט אויף מיר.

**הילדע:**

(ווייכער)

איך שריי נישט. איך ענטפער דיר.

**מאַרי:**

לאָזט מיך דאָ זיין. טרייבט מיך נישט אַוועק.

**העדוויג:**

קום-אַהער, מאַרי. דוּ ביזט אונזער שוועסטער אין נויט. מיר וועלן געדולדיק אַלע צוזאַמען וואַרטן, ביז מיר וועלן וויסן, וואָס דאָרט איז געשען.

**מאַרי:**

איך האָב מורא.

**העדוויג:**

נאָר רויק זיין. דוּ זעסט דאָך, מיר זענען אַלע דאָ. ביזט אפשר מיד, מאַרי?

**מאַרי:**

ניין.

**העדוויג:**

לאָמיר די מאַמע אַהיימשיקן. נאָך וואָס זאָל זי דאָ שטיין.

**עממע:**

ניין, איך וועל נישט אַוועקגיין, מיין האַרץ זאָגט מיר נישט קיין גוטס פאָר.

(עס דערהערט זיך אַ שטאַרקער אויפרייס. — גרעטע פאַלט. — מען הערט לויפן — שרייען)

**מאַרי:**

(מיט שרעק)

לאָמיר זיך אַריינרייסן!

הילדע:

יאָ, לאָמיר זיך אַריינרייסן! מיר מוזן וויסן, וואָס עס איז געשען!

(עס קומען-אָן עטלעכע פרויען. — עממע דערציילט זיי שטיל, וואָס עס קומט-פאָר)

העדוויג:

מיר וועלן זיך נישט אַריינרייסן, ווייל דאָס אייזערנע טויער וועלן מיר נישט קאָנען עפענען. מיר מוזן צוּוואַרטן ביז גרעטע וועט אונז עפּעס זיכערס זאָגן. — מיר זענען דאָך נישט די איינציקע פרויען, מאַמעס און שוועסטער פון די טויזנטער קוילנגרעבער, וואָס אַרבעטן אין שאַכט. זייט געדולדיק.

מאַרי:

ניין! מיר מוזן אַריין!

הילדע:

זאָל גרעטע לויפן אין קאַנטאָר זאָגן, אַז מען זאָל דאָס טויער עפענען!

עממע:

טאַקע. — נאָך וואָס וואַרטן?

העדוויג:

שרייט נישט אַלע. — גרעטע קומט באַלד צוריק, וועלן מיר באַלד באַשליסן, וואָס צו טון.

מאַרי:

נישט וואַרטן! מיר מוזן אונזערע ראַטעווען! — האַנס!

עממע:

מיין האַרץ זאָגט מיר נישט קיין גוטס פאָר.

גרעטע:

(שרייט)

אַן אומגליק! אַ שאַכט איז פאַרשיט געוואָרן פון אויפרייס! דאָרט זענען געבליבן אַרבעטער! אונזערע אויך!!

(עפ)



הילדע:

(שרייט)

לאָזט אונז אַריין!

(עס לויפן-אָן נאָך פרויען)

אַלע:

(שרייען)

לאָזט אונז אַריין! לאָזט אונז אַריין!

(דער אלטער שיכור וועקט זיך איבער. — ער זעט פאר זיך אזויפיל שרייענדע ווייבער, — אנטלויפט ער פאר שרעק)

העדוויג:

(הויך)

מאַמעס! פרויען! שוועסטער! — אונזער געוואַלדעווען וועט נישט העלפן! דאָס אייזערנע טויער וועלן מיר נישט אויפרייסן! — גרעטע איז געלאָפן אין קאַנטאָר, מען זאָל אונז אַריינלאָזן! — וואַרט נאָך אַ ווײַלע, אויב זיי וועלן דאָס טויער גוטוויליק נישט עפענען, וועלן מיר אַן עצה זוכן, ווי-אַזוי-אַרום זיך דאָרט אַריינצוקריגן!

מאַרי:

(שרייט)

ניין! שוין אַריין! אַלע צום טויער!

(עס קומען-אָן נאָך פרויען)

אַלע:

(שרייען)

עפנט דאָס טויער! לאָזט אונז אַריין!

הילדע:

לאָמיר זיי אויסהאַקן די שויבן! מיר מוזן אַריין!

עממע:

אוי! מיין האַרץ זאָגט מיר נישט קיין גוטס פאָר!

מאַרי:

(ווילד)

אַלע מיט מיר! איך וועל דאָס גאַנצע קאַנטאָר פאַרניכטן!

אַ ל ע :

(שרייען)

עפן דאָס טויער! מיר מוזן אַריין!

ג ר ע ט ע :

(לויפט-אָן)

זיי ווילן נישט עפענען! זיי פירן די אַרבעטער פון די שאַכטן אַרויס! זיי האָבן מורא פאַר אַ פאַניק! (אָפּ)

ה ע ד וו י ג :

(שרייט)

איצט מוזן מיר אַריין! ווער קאָן קלעטערן?! (עס לויפן-צו עטלעכע יינגערע פרויען) מיר מוזן אַריבער דעם פּאַרקאַן! שטעלט אייך דאָ אַוועק! (זי קריכט-אַרויף אויף זייערע אַקסלען, כאַפּט זיך אַרויף אויף דעם פּאַרקאַן און שפּרינגט-אַראָפּ פון דער אינעווייניקסטער זייט) נאָך מיר! ווער עס קאָן נאָר קלעטערן! (מאַרי און נאָך אַ פרוי טוען איר נאָך) נאָך מער! קומט-אַריין וואָס-מער! (אָפּ)

ה י ל ד ע :

(אויפגערעגט)

איך קאָן נישט. — אַלץ ציטערט אונטער מיר. — רייסט-אויף דאָס טויער!

ג ר ע ט ע :

(ביים טויער)

אַ סך אַרבעטער זענען געבליבן אין פאַרשיטן שאַכט. מען קאָן צו זיי נישט צוקומען! (אָפּ)

ה ע ד וו י ג :

(מיט אַ שטיק אייזן אין האַנט, — מאַרי און די אַנדערע מיט לאָפּאַטעס)

איצט וועלן מיר עפענען! (זיי פרוווּן רייסן דאָס טויער) לויפט אין שטעטל רופן הילף! זאָלן אַלע אַהערקומען!

מ אַ ר י :

(הילד)

רייסט! וואָס שטייט איר! רייסט! שרייט!

(די פרויען וואַרפן-זיך צום טויער. — פרוווּן רייסן)



ה י ל ד ע :

(אויפגערעגט)

אַלץ ציטערט אונטער מיר. איך קאָן זיך נישט באַוועגן.

ע מ מ ע :

מיין האַרץ! מיין האַרץ!

מ אַ ר י :

(הילד)

שרייט! רייסט! רופט הילף!

ה ע ד וו י ג :

(שרייט)

מאַמעס! פרויען! שוועסטער! — לויפט נאָך הילף! אַלע מוזן אַהערקומען! אונזערע נאָענטסטע קומען-אום! אונזערע ברויטגעבער!

מ אַ ר י :

(הילד)

שרייט! שרייט!

אַ ל ע :

(שרייען)

עפנט דאָס טויער! לאָזט אונז אַריין! (רייסן דאָס טויער)

ה ע ד וו י ג :

(שרייט)

שטאַרקער! שטאַרקער רייסט!

(עס דערהערט זיך אַ שטאַרקער אויפרייס — די פרויען הייבן-אָן געהאַלדעווען — מען הערט אַ געלויף)

פ אָ ר ה אַ נ ג

---

## בילד 7

(דער געמויערטער גרובן-פּאַרקאַן פון אינעווייניק. — דאָס טויער אָ. — נעבן טויער אַ קליין וועכטער-שטיבל. — הינטערן טויער זעט מען אַ רייע קליינע אַרבעטער-הייזלעך. אַקציעז אויפן הייף פון גרובן. — די פרויען לויפן-אריין דורכן אויפגעריסע-נעם טויער. אויפן הויף אַ גרעסערע גרופּע אויפגערעגטע קוילן-גרעבער. — צווישן זיי עטלעכע רעטונגס-בריגאַדעס.

**אַלע פרויען:**

(שרייען לויפנדיק)

ווו זענען אונזערע מענער ?! אונזערע טאַטעס ?! אונזערע ברידער ?!

**העדוויג:**

(קריכט-ארויף אויף אַ קליינער וואַגאָנעטקע. — שרייט)

חברים, צי ווייסט איר, אַז מען האָט צוזאַמענגעטריבן דעם גאַנצן שטרייק-קאָמיטעט אין גרובן אויף איין אָרט, און איצט ווערן זיי בייזוויליק אומגעבראַכט ?!

**די אַרבעטער:**

(אויפגערעגט)

וואָס ?! וואָס זאָגט זי ?! פונוואַנען ווייס זי דאָס ?!

**העדוויג:**

(שרייט)

געאָרג און ווילי האָבן עס אונז געזאָגט! — אַפילו מאַקסן און האַנסן, די איינציקע עדות פונם סקאַנדאַל ביי פראַנצן, האָט מען זיי זייט נעכטן צוגעגעבן! אַלע קומען זיי איצט אום! — חברים פון די רעטונגס-בריגאַדעס, העלפט אייערע שטאַרבנדע דעלעגאַטן!

**אָטטאָ:**

(שטעלט זיך נעבן העדוויגן — שרייט הויך)

אַרבעטער! ווי איר הערט, ברענגט מען איצט בייזוויליק אום אונזערע בעסטע חברים. מען שטערט אונז, ווי עס ווייזט-אויס, מיט אַ כיוון אונזער רעטונגס-אַרבעט!



**די אַרבעטער:**

(אויפגערעגט)

איז דאָס אמת ?! אַזאַ פאַרברעכן!

**אָטטאָ:**

(שרייט)

אַרבעטער! מיר מוזן אַלץ טון, כּדי אונזערע חברים ארויסצוראַטעווען! אַלע רעטונגס-בריגאַדעס מוזן גלייך אַרונטער אין גרובן! איך נעם-איבער די קאָמאַנדע! פון דער דירעקציע קיינעם נישט פאָלגן! אַרבעטער! אָדער מיר קומען-אום מיט אונזערע חברים, אָדער מיר ראַטע-ווען זיי!

**די אַרבעטער:**

(אויפגערעגט)

מיר מוזן זיי ראַטעווען! אַ טויט דער דירעקציע!

**אָטטאָ:**

(שרייט)

אַ שאָד יעדע מינוט!

**די אַרבעטער:**

(שרייען)

מיר וועלן זיי ראַטעווען! אַלע וועלן מיר העלפן!

**העדוויג:**

(שרייט)

חברים, איילט זיך!

**אָטטאָ:**

(שרייט)

די רעטונגס-בריגאַדעס מיט מיר! חברים, לאָזט נישט אַרויס קיינעם פון דער דירעקציע!

(ער שפרינגט-אַראָפּ און לויפט צום גרובן. — אַ טייל אַרבעטער נאָך אים. — עס דערהערט זיך אַ שרעקלעכער אויפרייס. — אַלע בלייבן אַ ווײַלע טויט-שטיל. — עממע פאַלט-אום אַ פאַרחלשטע. — הילדע רייסט זיך די האָר פון קאָפּ. — נס הערט אַ געלויף)

די אַרבעטער:

(שרייען)

אַ קאַטאַסטראָפע! אַ קאַטאַסטראָפע!

העדוויג:

(שרייט)

אַרבעטער-בלוט ווערט פאַרגאָסן! אַ טויט דער דירעקציע!

אַלע:

(שרייען)

אַ טויט דער דירעקציע! אַרבעטער-בלוט ווערט פאַרגאָסן!

די פרויען:

(שרייען)

אונזערע טאַטעס, מענער און ברידער קומען-אום!

(עס הערן זיך היסטערישע געשרייען. — פון אַלע זייטן הערט מען לויפן און שרייען. — סירענעס פייפן)

פ אָ ר ה אַ נ ג

---

# פערטער אקט

## ב י ל ד 8

אין אַ פאַרמאַכטער שאַכט געפינען זיך: קאָנראַד, ברונאָ, אויגוסט, געאָרג, ווילי, האַנס, ערנסט, מאַקס און קאַרל. — די אַקציע קומט-פאָר עטלעכע שעה נאָכן אויפרייס. עטלעכע קוילנגרעבערלאַמטערלעך באַלייכטן די האַלב-פאַרניכטעטע שאַכט.

קאָנראַד:

(שוואַך)

פריינט, מיר וועלן אומקומען. — מיר זענען ווייט פאַרוואָרפן. — געבן אונז אַרבעט קיינער נישט. — מיר וועלן דערשטיקט-ווערן.

האַנס:

(ווילד)

ניין! רעד נישט אַזוי!



מאַקס:

(שוואַך)

עס שטעכט מיר אַלץ. דער קאָפ דרייט זיך מיר. איך קאָן נישט ליגן. מיר איז האַרט. (געאָרג, ברונאָ און ווילי טוען-אויס זייערע אַרבעטס-בלוזעס און לייגן אים אונטער) אַ דאַנק, חברים. (ווערט שטיל)

געאָרג:

(צערטלעך)

וויין נישט, מאַקס. נאָך אַביסל געדולד. — אונזערע חברים וועלן אונז נישט לאָזן אומקומען. — דו הערסט די אויפרייסן פון צייט-צו-צייט? דאָס אַרבעטן די רעטונגס-בריגאַדעס. זיי ווילן זיך צו אונז אַהערקריגן.

מאַקס:

(שוואַך)

מיר איז שוין אַלץ-איינס. — איך וועל פון דאַנען קיין לעבעדיקער נישט אַרויס. — מיינע קראַנקע לונגען האָבן נישט מיט וואָס צו אָטעמען. (דערמאָנט זיך) — איך וועל נישט וויינען.

קאַרל:

דאָס מאָל זענען מיר, דאַכט זיך, שלעכט אַריינגעפאַלן.

ווילי:

קאַרל, פריינט, דו קלאָגסט זיך אויך? — דאָס געפעלט מיר נישט.

קאָנראַד:

ברונאָ, קום-אַהער. (ברונאָ גייט-צו) דער קאָפ ווערט מיר שוואַך. — דאָ, דאַכט זיך, שטראָמט פון ערגעץ גאַז.

(עס דערהערן זיך קליינע אויפרייסן)

ברונאָ:

עס דאַכט זיך דיר, פאָטער, דו ביזט אָפּגעשוואַכט. אפשר ווילסטו זיך אויך לייגן?

קאָנראַד:

זאָל זיין.

ברונאָ:

גיט מיר, חברים, אייערע בלוזעס פאַרן פאָטער. (ערנסט און קאַרל טוען-אויס די בלוזעס) אָט אַזוי, איצט וועסטו זיך לייגן. (קאָנראַד גייט-צו און חיל זיך לייגן)

האַנס:

(שפּרינגט-אויף, רייסט פון זיך אַראָפּ די בלוזע. — שרייט)

נאַ, ברונאָ, אָט האָסטו מיין בלוזע!

קאָנראַד:

(לייגט זיך. — שוואַך)

נישט לאַנג, ליבע עלזע, וועלן מיר זיין צעשיידט – נישט לאַנג. אַ שאָד נאָר די קינדער.

מאַקס:

(קרעכצט)

דער קאָפּ. — עפּעס ווערט אין מיר אַלץ ליידיק.

געאָרג:

(האַרציק)

חבר! פריינט אונזערער, מיר קאָנען דיר מיט גאָרנישט העלפן. — דו ווייסט דאָך אונזער לאַגע איצט. מיר מוזן געדולדיק וואַרטן אויף הילף. אונזערע אויסגעפּרוּווטע חברים וועלן אונז נישט לאָזן אומקומען.

ווילי:

מיר אַלע, וועלכע האָבן מיטגעמאַכט אַזאַ שרעקלעכע מלחמה, געזען דעם טויט אַזויפיל מאָל פאַר די אויגן, מוזן רויק אויסהאַלטן דעם איצטיקן פּרווו. — קוילנגרעבער, וועלכע פאָרן יעדן טאָג אַרונטער אין שאַכט מוזן האָבן כוח אויסצוהאַלטן אַ שווערע מינוט.

האַנס:

שווייג! פריידיק נישט — דו גאָלדן-שטיק-מיסט!

אויגוסט:

פאַרפאַ׳ן, שטאַרבן מוז מען דאָך אַמאָל. איך וויל נאָר נישט וויסן, ווען עס וועט געשען. בראָנפן וואָלט געהאָלפן נישט טראַכטן וועגן טויט.



קאַרל:

געזעכט, אויגוסט. אַזאַ שנאַפּס ווי דעמאָלסט ביי דעם הינטישן פעלדפעבעל פראַנץ.

געאָרג:

יענער שנאַפּס איז, דאַכט זיך, דער שולדיקער אין אונזער אומגליק. פאַרוואָס האָט מען דעם גאַנצן שטרייק־קאָמיטעט צוזאַמענגעטריבן אויף איין אָרט אַרבעטן? מען האָט אונז געגעבן אַרבעט אין אַן אַלטן געפערלעכן שאַכט, ווו מען האָט כלומרשט געדאַרפט אָנהייבן די נייע אויסבעסערונגס־אַרבעטן, אָבער קיין אינזשיניער פאַר די אויגן האָבן מיר דאָ נישט געזען. — זייט נעכטן האָבן זיי אונז צוגעטיילט האַנסן און מאַקסן – די איינציקע צוויי עדות, וואָס זענען געפערלעך פאַר דער דירעקציע און פראַנצן. — איצט פאַרשטייט איר?

האַנס:

צי גלויבט איר נישט, אַז נאָר דערפאַר, ווייל איך בין דעמאָלסט געווען טויט-שיכור, האָב איך פראַנצן צוגעזאָגט הילף.

ווילי:

מיר גלויבן דיר, האַנס.

מאַקס:

(שוואַך)

געאָרג, קום־אַהער. (ער גייט-צו) זעץ מיך אויף. (זעצט אים אויף) האַלט מיך צו. (ער נעמט אים אַרום) אַ דאַנק. — (ווייַנט שטיל. — אַ ווײַלע שטיל) חברים, איך וועל באַלד שטאַרבן — מיינע לונגען וועלן דאָס מער נישט אויסהאַלטן. נאָך אפשר עטלעכע מינוט.

האַנס:

(ווילד)

שווייג!

קאַרל:

באַרויִק זיך, האַנס, אַזאַ יונג ווי דו און פירט זיך אויף ווי דאָס ערגסטע ווייב.

מאַקס:

(שוואַך)

איך וויל אייך עטלעכע ווערטער זאָגן.

ערנסט:

זאָג, וועלן מיר אַרויס לעבעדיקע, וועלן מיר דיין פאַרלאַנג דערפילן.

מאַקס:

(שוואַך)

אַ ביטע האָב איך צו אייך, זאָגט מיר צו, אַז איר וועט מיר פאַרגעבן.

אַלע:

מיר זאָגן־צו.

מאַקס:

(אויסגערעגט. — רעדט שוואַך)

מיין קראַנקייט. — די שטענדיקע נויט. — דער שנאַפּס — פראַנץ האָט אויף מיר געווירקט, און איך האָב באַשלאָסן אים צו העלפן. (אַלע ציטערן־אויף) דריטהאַלבן יאָר שוין ווי איך דין דער דירעקציע. — גראָשנס האָבן זיי מיר געגעבן — נישט געזונט־געמאַכט, ווי זיי האָבן צוגעזאָגט. — חברים, איך האָב נישט פיל פאַר זיי געטון, אָבער דאָך געטון. — פאַרשטייט מיך — איך בין קראַנק און נאָך אַזוי יינג — 22 יאָר בין איך אַלט — איך האָב געוואָלט געזונט־ווערן, געוואָלט לעבן (קרעכצט) מיין איצטיקן טויט האָב איך מיר פאַרדינט. — האַנס איז נישט שולדיק. — (וויינט) נאָר, איר פאַרוואָס ליידט? פאַרוואָס מוזט איר אומקומען? (וויינט ווייך)

געאָרג:

(ווייך)

מיר פאַרגעבן דיר. ביזט אונזער חבר. דו פאַלסט מיט



אונז צוזאַמען אין קאַמף. — שווער, מאַקס, איז דאָס לעבן פון אַן אַרבעטער. — שוואַכע מענטשן גיבן זיך לייכט אונטער. — אָבער דו, מאַקס, ביזט אונזער פריינט, אונזער חבר. (דריקט אים די האַנט, די אַנדערע דריקן אים אויך די האַנט. — עס דערהערן זיך עטלעכע אויפרייסן)

האַנס:

(שרייט)

מיר מוזן אַרויס! מיר מוזן לעבן! — פראַנצן גיט מיר אַהער! איך וואָלט אים דערשטיקט!

ערנסט:

נישט איצט איז די צייט צו טראַכטן וועגן אַזעלכע זאַכן. איצט מוזן מיר אָנשטרענגען אונזער ווילן, כדי מעגלעך אויסצוהאַלטן, ביז הילף וועט קומען.

אויגוסט:

ווי לאַנג זענען מיר דאָ שוין פאַרמאַכט?

ערנסט:

(קוקט אויפן זייגער)

קנאַפּע 8 שעה.

מאַקס:

(ווייער שוואַך)

פריינט — חברים — איך קום־אָפּ מיין שטראָף — איך בין שוין — איך בין שוין — (קרעכצט. — אַ ווײַלע שטיל. — ער שטאַרבט. — קאַרל און ברונאָ טראָגן אים אַוועק אין אַ זייט).

האַנס:

(דערשראָקן)

ניין! איך וויל נישט שטאַרבן! איך וויל לעבן! — (בעטנדיק) געאָרג.

געאָרג:

איך בין, האַנס, נעבן דיר, שריי נישט. מאַקס איז דאָך געווען שווער קראַנק — אַ לונגען־ליידנדער — ער וואָלט סיי־ווי לאַנג נישט געלעבט. מיר זענען געזונט און וועלן אויסהאַלטן ביז הילף וועט קומען.

האַנס:

(ווילד)

אַזוי מיינסטו?! מיר ווען אויסהאַלטן?!

(ווישט זיך מיטן אַרבל דעם שטערן)

אויגוסט:

אַביסעלע שנאַפּס — און איך וואָלט גאָר רויק געווען.

ברונאָ:

רעד נישט קיין נאַרישקייטן, אויגוסט. ביי דיינע 55 יאָר וואָלסטו געמעגט אַביסל אַנדערש טראַכטן. שטאַרבן וועלן מיר אַלע, קיינער פון אונז וועט פונדאַנען קיין לעבע-דיקער נישט אַרויס. מיר מוזן זיך גרייטן צום טויט.

האַנס:

(ווילד)

ניין! מיר וועלן נישט שטאַרבן!

ברונאָ:

וועגן קיין הילף לאָמיר בעסער נישט טראַכטן. אויב טאַקע די דירעקציע האָט אונז אַהערגעיאָגט, וועט זי אונז לאָזן אומקומען.

געאָרג:

די דירעקציע יאָ, אָבער אונזערע חברים נישט.

ערנסט:

ברונאָ שרעקט אונז — ער מאַכט שטימונג.

ווילי:

אַ געלעכטער אָן אַ זייט. מיר מעגן אפשר ערנסט אַ רעד-טון וועגן אונזערע לעצטע שעהן.

האַנס:

(ווילד)

ניין! נישט רעדן! שווייגן!

ווילי:

דו ביזט, האַנס, נישט קיין איינאונאיינציקער ביי אונז. מיר מוזן איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסטשטעלן — מיר



קומען אום. — איינציקווייז, אָדער אַלע מיטאַמאָל, דאָס איז נישט וויכטיק, קיינער וועט קיין לעבעדיקער נישט אַרויס.

האַנס:

(ווילד)

איך וויל אַרויס! איך מוז לעבן!

קאָנראַד:

(שוואַך)

איך בעט אייך, שרייט נישט. אין קאָפּ האַמערט ביי מיר שרעקלעך — איך וויל שלאָפן. איך פיל, אַז אָט וועל איך איינשלאָפן. שרייט נישט, חברים.

ברונאָ:

מיר וועלן נישט שרייען, פאָטער. איצט וועלן מיר שטיל זיצן, ביז דו וועסט איינשלאָפן.

קאָנראַד:

דאָס איז זיכער מיין לעצטער שלאָף. אפשר איז דאָס דער בעסטער טויט פאַר אַ קוילנגרעבער, וואָס ווערט שוין אַלט. (אָטעמט שטאַרק) איצט וואָלט איך שוין געפאַלן צו לאַסט מיינע קינדער. — שטאַרבן אין גרובן, ווו איך האָב פון מיין 17-טן לעבנסיאָר אָן געאַרבעט — 35 יאָר, טאָג-איין טאָג-אויס, געלעגן אַזוי פיל שעהן אונטער דער ערד... אַ שווער לעבן געווען... חברים, בלייבט איר כאָטש לעבן — איר זענט נויטיק אייערע נאָענטע, איר זענט נויטיק פאַרן קאַמף פון דער אַרבעטער-זאַך. — איך וויל שלאָפן.

(אַ לענגערע ווײַלע איז שטיל. — אַלע זיצן און שטייען אומבאַ-וועגלעך).

געאָרג:

(שטיל און פּאַטעטיש — נישט ווי מיט זיין שטימע)

צי ווייסט די מענטשהייט — די... ציוויליזירטע, די... קול-טורעלע מענטשהייט, אַז נאָר אַרבעטס-מענטשן, סיי אַר-בעטער, סיי געלערנטע, זענען די וועלט-בויער? צי ווייסן די געזעץ-געבער און מאַכט-האָבער, אַז נאָר אונזער שווערע

פראַצע האָט זיי געמאַכט פאַר דעם, וואָס זיי זענען איצט? — ווער איז אימשטאַנד צו פאַרשטיין דאָס העלדנטום פון לעבעדיק-באַגראָבענע קוילנגרעבער, וועלכע וואַרטן רויק שעהן-לאַנג אויף זייער טויט? — עס דערנענטערט זיך דער טאָג פון משפט פאַר דער איצטיקער פאַרשאָלטענער אָרדענונג. (ער וויינט זיך שטאַרק פאַנאַנדער)

**ברונאָ:**

(הייך)

וואָס איז מיט דיר, געאָרג? פריינט, טייערער חבר.

(אַ ווײַלע שטיל)

**געאָרג:**

(באַרויקט זיך)

שוין, עס איז שוין פאַרביי. — אַן איבערבלייבעניש פון דער מלחמה. איך האָב עס קיינמאָל קיינעם נישט דערציילט. אויפן פראַנצויזישן פראָנט בין איך מיט האַנסן פאַרשיט-געוואָרן. איבער אַ שעה זענען מיר אַזוי געלעגן, ביז מען האָט אונז אויסגעגראָבן. האַנס איז דעמאָלסט שיעור משוגע-געוואָרן, איך האָב פאַרלוירן דאָס געדעכעניש אויף קנאַפע 2 וואָכן. — איצט האָבן מיך די נערוון געכאַפט. (טאַפּט זיך דעם קאָפּ) שוין, עס איז שוין אַריבער.

**ברונאָ:**

איצט פאַרשטיי איך שוין, פאַרוואָס האַנס איז זייט זיין אַהיימקומען פון דער מלחמה געוואָרן אַזאַ שיכּור.

**ווילי:**

מיר צאָלן פאַר אונזער שווער לעבן דעם גרעסטן שטייער.

**אויגוסט:**

זע-נאָר, ברונאָ, צי שלאָפט דער טאַטע דיינער.

**ברונאָ:**

(בויגט זיך אַראָפּ מיטן לאַמטערל. — קוקט אַ ווײַלע. — ציטערט-אויף)

ער שלאָפט.



**ערנסט:**

(פאַרשטייענדיק)

איך וועל דיר העלפן, ברונאָ.

(גייט-צו צו קאָנראַדן. — ברונאָ און ערנסט טראָגן-אָפּ דעם טויטן קערפּער אין אַ זייט. — האַנס קוקט זיי ווילד נאָך)

**ברונאָ:**

אָרימער קוילנגרעבער, קאָנראַד — אָרימער טאַטע.

**האַנס:**

(שפּרינגט-אויף — שרייט)

געענוג! איך וויל דאָ מער נישט בלייבן! לאָזט מיך אַרויס! (הויבט-אויף דעם האַמער) לאָזט מיך אַרויס! איך טויט אייך אַלע! (באַקומט היסטעריע — שרייט — וויינט זיך פאַנאַנדער — פאַלט אויף דער ערד)

**געאָרג:**

לאָזט אים, עס וועט פאַרביי.

(עס דערהערט זיך אַ שטאַרקער אויפרייס)

**ערנסט:**

לאָמיר האָפן, אַז אונזערע חברים אויבן טוען אַלץ, כּדי אונז צו ראַטעווען. ווי אָפט געשעט, אַז קוילנגרעבער ווערן געראַטעוועט נאָך צוויי טעג ליגן אין אַ פאַרמאַכטן שאַכט.

**קאַרל:**

זיי קומען זיכער צו אונז. מוט, חברים! — אַזוי לאַנג, ווי קיין גאַז שטראָמט נישט אַריין אין אונזער באַהעלטעניש, אַזוי לאַנג דאַרפן מיר זיכער-זיין אין הילף.

(עס הערן זיך לייכטע אויפרייסן)

**האַנס:**

(נערוועז)

איך האָב עס געענוג. (שפּרינגט-אויף) געענוג, זאָג איך אייך! פריער אַ מלחמה, פאַר וועמען? פאַר וואָס? — פאַר אויסוווּרפן, מערדער און גנבים, וועלכע רופן זיך: באַנקירן, גענעראַלער און מיניסטאָרן. — איצט אַ דירעקציע רייך-

מאַכן פאַר גראָשנס, וואָס מען צאָלט מיר פאַר מיין שוועסטער פראַצע און זיין דערביי יעדן טאָג 8 שעה איינגעשטעלט דערהרגעט צו ווערן. — ניין! איך האָב עס געננוג!

גענאָרג:

רעג דיך נישט אויף, האַנס. (באַקוקט זיין לאַמטערל) זאָל אונז נאָר קיין ליכט נישט אויספעלן.

האַנס:

מיר איז אַלץ-איינס — איך וויל אַרויס!

קאַרל:

(מיט איראָניע)

דאָ איז נאָך ערגער ווי אויפן פראָנט. דאָרט, אַז מען האָט דיך געשיקט דערהרגעט-ווערן, האָט מען דיך פריער גוט אָנגעשיכורט. און דאָ איז גאָרנישט.

(עס דערהערט זיך אַ שטאַרקער אויפרייס און עטלעכע קלענערע קלעפּ)

האַנס:

שוין ווידער?! זיי לאָזן נישט פאַרגעסן אין טויט!

גענאָרג:

מען גייט צו אונז — מוטיק, האַנס! — שוין נענטער ווי ווייטער, און צו אַלעם וועט נעמען אַ סוף.

האַנס:

(מיט שרעק)

אָבער וואָס פאַראַ סוף?

גענאָרג:

לאָמיר האָפן, אַז אַ גוטער.

(אַלע זענען איבערגעשראָקן — זיי קוקן זיך איבער מיט שטומע, פרעגנדיקע בליקן — אַ לענגערע ווײַלע איז שטיל)

ווילי:

איך וויל זען גרעטען. איך וואָלט זי וועלן זען אָט איצט און וויסן, וואָס זי טוט — צי טראַכט זי וועגן מיר — צי ווייסט זי ווי שטאַרק זי געפעלט מיר. (דערמאָנט זיך) איר ווייסט, (קוקט זיך אַרום — זייער צאַרט) גרעטע איז איך



אַנדערע אומשטענדן — שוין דער פערטער חודש. — גרעטע, לעבנס-חבר מיינער, ווו מאַטערסטו זיך איצט?

אויגוסט:

וואָס וועט מיין אַלטע זאָגן, אַז איר וועל מער נישט זיין? טריי געדינט האָט זי מיר. — צי גרייטסטו נישט אַמאָל, עממע, פאַר דיין אויגוסטן דאָס בעט?

קאַרל:

איך האָב קיינעם נישט. איך האָט די הייליקע מאָרי נעבן אַ קוילנגרוב... פאַרלוירן. זאָל איך דאָ די קאָפּיטעס אויסציען, וועט קיין האָן קיין קריי נישט טון. (טראַכט אַ ווײַלע) ניין! דער גאַנצער גרובן אַרבעטער וועט מיך באַוויינען, ווען איך וועל שטאַרבן, און אַלע וועלן זיי זיך פרייען, אויב איך וועל לעבן. (שרייט) נישט אַליין בין איך, נישט אַליין!

האַנס:

(נערוועז)

איך בין אַן אויסוווּרף, וועלכער פאַרסמט אַנדערע דאָס לעבן. אַ געמיינער שיכור. ווען איך קאָן זיך אַליין אַ שפּיי טון אין דער פאַרשיכורטער מאָרדע! — הילדע, צי ווייסטו, אַז איך בין קראַנק? אַז די מלחמה האָט מיך גלייכגעלייגט? איך בין אַהיימגעקומען אַ קראַנקער, צעבראָכענער האַנס. (מיט טרערן אין דער שטימע) איך האָב זיך נישט געוואָלט ווייזן פאַר מענטשן מיט מיין קראַנקן קערפּער, מיט מיין קראַנקער נשמה, און איך האָב אָנגעהויבן טרינקען, כדי אונטערצוהאַלטן דעם אַמאָליקן מוט. דער שטאָלצער האַנס האָט זיך נישט געוואָלט אַזוי לייכט אונטערגעבן.

ברונאָ:

אַזוי קומען מיר איצט אום. אין אַ לאָך עטלעכע הונדערט מעטער טיף אין דער ערד. — איך וואָלט נישט געוואָלט דאָ אומקומען, נאָר דאָרט, ווו עס וועט נויטיק. זיין אַ ברונאָ, וועלכער וועט מיט געווער אין האַנט קעמפן פאַר

אַ גרויסער מענטשלעכער אידייע! — מאַרי, איך האָב דיך געוואָלט ראַטעוועז, אָבער נישט פאַר מיר, ווי מענטשן האָבן עס געמיינט. שוין לאַנג נישט פאַר מיר. (עס הערט זיך אַ ווייגען)

ווילי:

וואָס וויינסטו, האַנס?

האַנס:

איך ווייס נישט — מיינע נערוון זענען היינט שרעקלעך אָנגעצויגן. איך האָב נאָך אַזעלכעס קיינמאָל נישט געהאַט.

ערנסט:

ער וויינט, ווייל איר דערציילט בלויז טרויעריקע זאַכן.

געאָרג:

העדוויג, דו בלייבסט אַליין מיט דיין בלאָנד-קעפּיק זונדעלע. דיין מאַמע איז נישט לאַנג געשטאָרבן און היינט דער טאַטע, ברודער און דער מאַן. — דו ביזט דאָך מוטיק. איך ווייס, אַז דו וועסט קעמפן. טויזנטער פרויען פון קוילנגרעבער, צאָלן יערלעך דעם זעלבן שטייער. — ווער פאַרשטייט זייער פּיין? — קעמפף פאַר אונזער זאַך! (עס דערהערט זיך אַ גאָר שטאַרקער אויפרייס. — אַלע שפרינגען-אויף) נאָר זיך נישט שרעקן, פריינט. (נערוועז) האָט מען אונז אַלע אַהערגעיאָגט מיטן ציל אומצוברענגען, אַזוי ביזוויליק אומצוברענגען, איז עס... (לאַכט) איך האָב געוואָלט זאָגן אַ נאַרישקייט. — צי קאָן מען אין דער היינטיקער אָרדענונג רעדן וועגן אַזאַ אָדער אַנדערער געמיינער אוממענטשלעכער טאַט — ווען אַלץ, אַלץ איז איין הימלשרייענדיקע געוואַלט!

ערנסט:

געאָרג?

געאָרג:

וואָס, פריינט?

ערנסט:

דאַכט זיך, אַז מען שפירט גאַז.



געאָרג:

עס דאַכט זיך דיר.

אויגוסט:

מען שפירט טאַקע.

קאַרל:

(בייז)

ניין, זאָגט מען אייך! מען שפירט נישט!

האַנס:

(גייט נערוועז הין-און-צוריק)

מיר קומען-אום, דאָס איז זיכער.

קאַרל:

גאָרנישט איז זיכער. די לעצטע מינוט קומט-אָן הילף.

ערנסט:

עפּעס ווערט אין מיר אַלץ לער.

אויגוסט:

און מיר דרייט זיך אַביסל דער קאָפּ.

געאָרג:

מיר זענען אונטער דער ווירקונג פון שרעק.

ברונאָ:

אפשר זענען מיר אַלע שטאַרק מיד. אַביסל שלאָפן וואָלט אונז אַלעמען גוט-געמאַכט.

ווילי:

גערעכט. לייגט אייך אַלע שלאָפן, איך און ברונאָ וועלן וואַך-זיין.

האַנס:

איך שלאָף נישט מער, איך וויל לעבן.

ווילי:

ווי איר ווילט.

(אַ ווײַלע איז שטיל)

ערנסט:

מען שפירט גאַז.

קאַרל:

עס דאַכט זיך דיר.

ערנסט:

עס דאַכט זיך מיר נישט. עס שטראָמט פון ערגעץ גאַז.

געאָרג:

אויב אַזוי זענען מיר פאַרטיק.

(זיי פרווון מיט די לאַמטערלעך אַלע ווענט-שפּאַרעס)

האַנס:

(דערשראָקן)

וואָס זאָלן מיר טון? פאַרוואָס זיצן מיר מיט פאַרלייגטע הענט?

ברונאָ:

מיר האָבן דאָך שוין געפּרוווט. די עפענונג איז פאַרשיט-געוואָרן מיט אַ גאַנצער וואַנט. טעג וואָלטן מיר גע-ברויכט אויף עפּעס אויפצוטון מיט די בלויזע מכשירים. די אַלע אויפרייסן פאַרשיטן נאָך-מער דעם פריערדיקן צוגאַנג צו אונזער שאַכט. אפשר וועלן די רעטונגס-ברי-גאַדעס זוכן אַן אַנדערן וועג צו אונז.

אויגוסט:

מיין קאָפּ ווערט מיר פון מינוט-צו-מינוט שווערער. עס שווינדלט מיר פאַר די אויגן. קינדער, עס שטראָמט פון ערגעץ גאַז.

האַנס:

(נערוועז)

טאָ וואָס זאָלן מיר טון? ווי אַזוי קריגט מען זיך אַרויס פונדאַנען?

ערנסט:

עס שטראָמט גאַז.

קאַרל:

דאַכט זיך, אַז יאָ.



האַנס:

(שטאַרק נערוועז)

שווייגט! איך וויל אייך נישט הערן!

ווילי:

עס בלייבט אונז נאָך אפשר אַ שעה צו לעבן.

האַנס:

(שרייט)

און קיין הילף איז נישטאָ! ווו זענען די רעטונגס-ברי-גאַדעס?!

געאָרג:

אויב קיין הילף וועט באַלד נישט אָנקומען, שטאַרבן מיר אַלע.

אויגוסט:

איך ווער וואָס-אַמאָל לייטיקער, אַלץ פאַרשווינדט פון מיר.

קאַרל:

איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז אויגוסט גייט באַלד אין הימל אַריין.

אויגוסט:

לאַך נישט, קאַרל. עס זענען דאָך אונזערע לעצטע מי-נוטן.

קאַרל:

וויינען וועל איך נישט. אויב שטאַרבן, איז כאָטש מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. (לאַכט)

האַנס:

(אויפגעכעגט)

שווייג, הינטיש פּרצוף!

ווילי:

ווייטער די נערוון.

אויגוסט:

קינדער מיינע, חברים — גרייט אייך צום טויט.

געאָרג:

ליבער פּאָטער, וואָס זאָלן מיר טון? וועגן וואָס פּאַראַ־גרייטן זיך רעדסטו?

אויגוסט:

גאָט בעטן, מיין איך.

קאַרל:

(לאַכט האַרציק)

אויגוסט, דו מוזט האָבן מער אין קעפּל, ווי אין פּלעשל.

האַנס:

(ווילד)

לאַך נישט, זאָג איך דיר. (צו אויגוסטן) וואָס עפּעס פּלוצים גאָט, האַ, אַלטער?

אויגוסט:

איך ווייס אַליין נישט, נאָר מיר דאַכט זיך.

האַנס:

(בייז)

אַז דו ווייסט נישט, טאָ רעד נישט!

ברונאָ:

אַזוי זאָל אויסזען אונזער לעצטע שעה? מיט געשרייען און קריגערייען?

האַנס:

(בייז)

ריידט נישט, זאָג איך אייך! שווייגט אַלע!

געאָרג:

לאָמיר זיך אַוועקזעצן און געדולדיק וואַרטן אויף די לעצ־טע מינוטן.

האַנס:

(ווילד)

רעדט נישט, זאָג איך אייך! וואָס פּלאַפּלט איר אַלע?! לאָזט מיך נישט (כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ) משוגע־ווערן!



ברונאָ:

(ווייך)

האַנס! פריינט טייערער, באַרויק זיך – מיר וועלן שוין שטיל־זיין. (א לאַנגע ווײַלע איז שטיל. — אויגוסט קרעכצט פון צייט־צו־צייט. — ערנסט רייסט־אָפּ א שטיק העמד און בינדט זיך ארום דעם קאָפּ)

האַנס:

(לאַכט זיך שטאַרק פאַנאַנדער)

מיר וועלן שוין אַלע נישט אַרבעטן. (לאַכט לאַנג, ביז א היס־טעריש־אָנפאַל)

קאַרל:

מיר מוזן זיין גרייט אויף עפּעס. מיט האַנסן האַלט שלעכט.

געאָרג:

באַהאַלט אַלץ. זאָלן קיין מכשירים נישט זיין אונטער די הענט.

אויגוסט:

קינדער, איך קום־אום. (קרעכצט) איך ווער אויסגעהוילט.

(קרעכצט)

ווילי:

מוט, פּאָטער, אַביסעלע מוט. מיר זענען דאָך צוזאַמען.

ערנסט:

מיר ווערט שווער דאָס שטיין אויף די פיס. (שוואַך) טאָ־מער לייג איך זיך, ווער איך אַנטשלאָפן, ווי קאָנראַד. — חברים, העלפט מיר – איך וויל מיט אייך צוזאַמען שטאַרבן.

האַנס:

(לויפט איבערן שאַכט)

צוזאַמען שטאַרבן! (לאַכט) יאָ, מיר שטאַרבן צוזאַמען. (שרייט) הילדע! מאַרי! עממע! ווו זענט איר?!

קאַרל:

געאָרג, האַלט־אונטער ערנסטן, ער וואַקלט זיך, ער קאָן נישט מער שטיין.

(געאָרג נעמט־אַרום ערנסטן)

**געאָרג:**

ווילי און קאַרל, זייט גרייט, האַלט האַנסן אויפן אויג.

**ווילי:**

מיר וועלן אונזערס טון. — דער אַלטער גייט אונז אויס.

**האַנס:**

(שרעקלעך ווילד — שרייט)

אַרויס לאָזט מיך! — איך דערשטיק אייך אַלע, אויב איר וועט מיך נישט אַרויסלאָזן! (כאַפּט־אָן קאַרלען) דו, הינטישער פּראַנק, ווילסט נאָך דינען דער דירעקציע? (גיט קאַרלען אַ קלאַפּ) ווילסט נאָך דינען?! (לאַכט זיך פּאַנאַנדער)

**אויגוסט:**

(שוואַך)

עממע, מיין ערלעכער לעבנס־באַשיצער. (קרעכצט) הילדע, מיין אומגליקלעך קינד, ווי שווער וועט איצט אייער לעבן זיין. — ווילי, זון מיינער און אַרבעטס־חבר, האָסטו אַמאָל געקלערט, אַז מיר וועלן אַלע צוזאַמען אַזוי מיאוס שטאַרבן? (קרעכצט) געאָרג, טרייסט מיינע, — ווי קומט צו מיר אַזאַ זון? - געאָרג, דו ביזט דאָך די פרייד געוועזן פון אַלע קוילנגרעבער.

**ערנסט:**

געאָרג, איז דיר נישט שווער מיך אונטערצוהאַלטן?

**געאָרג:**

ניין, ערנסט.

**ערנסט:**

דו האָסט אַליין נישט קיין כוח, און מוזט נאָך מיך פעסט־האַלטן. לאָז מיך אַראָפּ.

**געאָרג:**

ניין! מיר וועלן צוזאַמען אַזוי לאַנג שטיין, ביז מיר ביידע וועלן די נשמות אויסהויכן.



**האַנס:**

(משוגע)

געגנוג מלחמה! — איצט בין איך קאָמפּאַניע־קאָמאַנדיר! גרייטן זיך! — געאָרג, דו ווערסט פעלדפעבעל! פּראַנק, הינטישער זון, איך וועל דיך גלייכלייגן! קאָמפּאַניע, גרייט זיך!

**ברונאָ:**

זיך, ווילי, ביים פאָטער, איך מיט קאַרלען וועלן שוין אונזערס טון.

**ערנסט:**

לאָז מיך, געאָרג, איך בעט דיך. לאָז מיך זיך אַנידערלייגן. איך קאָן מער נישט צוקוקן זיך צו דעם אַלעם.

**געאָרג:**

ניין, פריינט, צוזאַמען וועלן מיר אומקומען.

**ברונאָ:**

אויך אין מיר הייבט־אָן עפּעס לער צו ווערן. (גייט שנעל הין־און־צוריק) דער קאָפּ ווערט שוואַך.

**האַנס:**

(וואַרפט זיך אויף קאַרלען)

אַרויס לאָז מיך! איך בין קאָמאַנדיר! (ווייל קאַרלען שלאָגן— ברונאָ כאַפּט אים אָן פון הינטן, דערנאָך קאַרל, זיי האַלטן אים פעסט. האַנס רייסט זיך און שרייט) איך בין קאָמאַנדיר! הינט, וואָס איר זענט! (רייסט זיך שטאַרק. — אַלע דריי פאַלן־אום. — זיי קעמפן, ליגנדיק אויף דער ערד) איך וויל אַרויס! געגנוג מלחמה!

**געאָרג:**

(מיט פּאַטאָס)

עס וועט קומען אַ צייט, ווען מענטשן וועלן ווערן ברי־דער! — עס וועט קומען אַ צייט, ווען בלויז ליבע וועט הערשן אויף דער וועלט! — און עס וועט קומען אַ צייט, ווען מענטשן וועלן מער קיין לוין־שקלאַפן נישט זיין! — עס גייט אַ גרויסע, ליכטיקע צייט. (הייבט זיך שטאַרק און הויך פּאַנאַנדער)

ערנסט:

(דורך טרערן)

טייערער געאָרג — האַלט מיך פעסט — מיר מוזן דאָך אויסהאַלטן ביזן סוף — מיר קאָנען דאָך נישט לאָזן אַליין אונזערע חברים.

ברונאָ:

(שרייט)

געאָרג, האָב מוט!

געאָרג:

(באַרויקט)

שוין פאַרביי. — אַנטשולדיקט, חברים, די נערוון זענען איצט שטאַרקער פון מיר.

קאַרל:

האַנס בייסט אויף אַן אמת. מאַכט ער נאָך אַמאָל אַזאַ חתונה, וועל איך אים אַליין דערהרגענען. ער איז שוין משוגע, מען קאָן שוין מיט אים אַ סוף־מאַכן.

געאָרג:

לאָז צו־רו, קאַרל, אפשר וועט ער זיך נאָך באַרויקן.

קאַרל:

איך גלויב נישט.

ברונאָ:

ווילי, וואָס מאַכט דיין פאָטער?

ווילי:

עס וועט שוין נישט לאַנג דויערן. — ער שטאַרבט.

(עס דערהערט זיך ווי אַ דונער — אָבער נישט שטאַרק)

האַנס:

(שרייט)

גענוג מלחמה! — מאַרי, דו לאָזט מיך אַרויס! (לאַכט לאַנג) הינטישער פראַנץ! דעם בעסטן שנאַפּס גיב אַהער! — לאָזט מיך אַרויס! מוזיק! (זינגט עפּעס ווילד)

אויגוסט:

ווו בין איך? עממע, ווו בין איך? — קינדער, לאָזט



נישט! לאָזט אים נישט צו צו מיר! (קרעכצט) ווו בין איך — קאָנראַד, אַלטער חבר מיינער, ווו ביזטו? עממע! עממע!

האַנס:

(שרייט)

שווייג, אַלטער נאַר! שווייגט, זאָג איך אייך!

ערנסט:

שוין נישט לאַנג — ווען נאָר שנעלער פּטור־ווערן פון די ווייטיקן.

געאָרג:

שוין באַלד, ערנסט. די מינוטן זענען געציילטע.

ברונאָ:

מען דאַרף נישט מער האַנסן פעסטהאַלטן. זאָל ער טון, וואָס ער וויל. קאַרל, ווי פילסטו זיך?

קאַרל:

ביי מיר גייט עס נאָך. איך וועל אייך נאָך אַלע דאָ אין שאַכט מצבות שטעלן און דערנאָך וועל איך מיך אַליין... באַגראָבן.

ווילי:

קאַרל, דו וויצלסט זיך?

קאַרל:

יאָ — ווײנען וועל איך נישט.

ברונאָ:

און מען דאַרף אויך נישט.

ערנסט:

(שוואַך)

צי וועלן כאָטש אונזערע חברים אויבן וויסן, פאַרוואָס מיר זענען אומגעקומען?

געאָרג:

(הויך)

יאָ! זיי וועלן וויסן!

ווילי:

מיין ברודער איז היינט אין טראַנס. — דער אַלטער איז שוין טויט — איצט איז די צייט אויף מיר — איך בלייב שוין ליגן נעבן פאָטער, וועט עס אפשר שנעלער גיין.

געאָרג:

(דערמאָנט זיך)

ווילי, איז שוין דער פאָטער געשטאָרבן?

ווילי:

יאָ.

געאָרג:

ער איז, דאַכט זיך, לייכטער פון די פריערדיקע אַוועק.

קאַרל:

לייכטער, שווערער. אַלץ איין שוואַרץ יאָר. זאָל עס שוין אַ סוף-נעמען!

ברונאָ:

קאַרל, דו ווערסט נערוועז.

קאַרל:

ניין, איך ווער נישט נערוועז. (לאַכט) איך וויל נאָר עמיצן אַביסל גוט אָנזידלען אָדער די ביינער צעברעכן. אַ שאָד, וואָס האַנס ליגט אַזוי רויק.

ערנסט:

חברים — איך גיי-אויס — איך בין אַזוי שוואַך.

(עס דערהערט זיך אַ דונערן)

האַנס:

שוין ווידער? שווייגט, זאָג איך אייך! — מוזיק! (זינגט)

קאַרל:

האַנס ווייסט נישט וואָס אויסצוקלערן.

ווילי:

דו, קאַרל, ביזט אייזן-שטאַרק. דו ביזט דער אמתער מאַן.

קאַרל:

און ווער פון אונז נישט! — אַלע שטאַרבן מיר ווי העלדן.



געאָרג:

חברים! — זאָל לעבן די אַרבעטער-זאַך!

אַלע:

זאָל לעבן די אַרבעטער-זאַך!

האַנס:

(שרייט)

שווייגט! שווייגט!

(עס הייבט-אָן דונערן וואָס-אַמאָל שטאַרקער)

ברונאָ:

מיר זענען שוין ביים סוף!

ווילי:

איך לעב שוין נישט! (לאַכט)

קאַרל:

(שרייט)

מוט, חברים! מוט!

האַנס:

(שרייט)

גענוג מלחמה! מוזיק!

געאָרג:

מיין גאָלד-קעפּיקער זון — מיין טייער קינד — זייט געזונט אויבן, פריינט און חברים!

האַנס:

(שרייט)

ביר! שנאַפּס! ווייבער! — איך בין קאָמאַנדיר!

ערנסט:

(שוואַך)

געאָרג, לאָמיר זיך ביידע אַנידערלייגן. איך האָב נישט קיין כּוח.

געאָרג:

גוט, פריינט — לאָמיר זיך לייגן.

(עס דערהערט זיך אַ שטאַרק דונערן, דערנאָך קומט אַן אויפרייס — אַ קליינער טייל פון דער מיטל-וואַנט פון שאַכט פאַלט-איין — מען

דערזעט ליכט און מען הערט רופן. — אַלע אין שאַכט ליגן און שטייען
ווי פאַרשטאַרט פון איבעראַשונג)

אָטטאָ:

(פון ווייטנס)

חברים, מיר גייען צו אייך!

קאַרל:

(שרייט)

הילף! הילף! מיר זענען געראַטעוועט!

געאָרג:

(דורך טרערן)

אונזערע חברים האָבן אונז נישט פאַרלאָזן!

קאַרל:

(ווילד)

מיר זענען געראַטעוועט!

אָטטאָ:

(לויפט-צו צו דער עפענונג. שטעקט אַריין דאָס לאַמטערל, דערנאָך זעם קאָפּ)

חברים! מיר האָבן אייך געבראַכט אונזער הילף! מיר מוזן פונדאַנען שנעל אַרויס. אונזערע חברים לויפן שוין אָן אייך העלפן!

(מען הערט לויפן — דערנאָך אַ שרעקלעכן אויפרייס — עס ווערט פינסטער)

געאָרג:

(שוואַך)

העדוויג! חברים!

קאַרל:

(שרייט לאַנגזאַם און אויסגעצויגן)

חברים!

(מען הערט קרעכצן, און דאָס איינפאַלן פון שאַכט)

פאָרהאַנג

